# די אַרענדאַטאָרס פון קולטור

קאָמעדיע אין 3 אַקטן

— פון —

## מ. אלפּערסאָן

אַרויסגעגעבן פון
בוכהאַנדלונג און פאַרלאַג
ג. קאַפּלאַנסקי
קאָריענטעס 2614

בוענאָס איירעס 1933

1

# די אַרענדאַטאָרס פון קולטור

קאָמעדיע אין 3 אַקטן

— פון —

## מ. אַלפּערסאָן

אַרויסגעגעבן פון
בוכהאַנדלונג און פאַרלאַג
ג. קאַפּלאַנסקי
קאָריענטעס 2614

בוענאָס איירעס 1933

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

דירעקטאָר פון פאָלקס-צייטונג

רעדאַקטאָר

רעצענזענט-קריטיקער

משרת ביי דער טיר

זעצער

מחבר-דראַמאַטורג

אַקטיאָר

אַקטריסע

קאָלאָניסט

חזן

חזנטע

פרעזידענט פון קולטור-פאַריין

עמפּרעסאַר פון טעאַטער

שרייבער

אַרבעטער

האַטעלטשיק-קאַפּע׳ניק

קעלנער

אָ ר ט — אַ גרויסע שטאָט.

צ י י ט — אין קאַרנאַוואַל פון יאָר...

# די בינע

## סצענע — רעדאַקציע פון „פאָלקס-צייטונג״

(אַ פיר־עקיגער צימער, שוואַך באַלויכטן. אַרום די ווענט בענקלעך, טישלעך מיט שרייב־געצייג, אויף זיי עלעקטרישע לעמפלעך מיט קאָלירנע באַזשורן. אין דער מיט צימער אַ גרויסער שרייב־טיש פאַרלייגט מיט פּאַפּירן, צייטונגען, בראַשורן, אַ הויכע שטול מיט אַ אָנליין פאַרן רעדאַקטאָר. אין אַלע ווענט—טירן; אַרום די ווענט הענגען בילדער פון אידישע ליטעראַטן, אין ווינקל רעכטס פאַר־שטעלט מיט אַ האַלב שפּאַניער־ווענטל, דאָס צימער פונם דירעקטאָר, דאָרט שטייען אַ קליין סאַלאָן־טישל, אַפּאָר לעדערנע רויטע שטולן, אַ גרין סאַמעטענע סאָפע, א טעלעפאָן און אן עלעקטריש גלעקל. לינקס פון צימער טרעפּ, וואָס פירן אין קעלער אַריין צו דער דרוקעריי. אין הינטערגרונט איז די טיר אָפן, מען זעט אָן די גאַס און „קאָרסא״ פון קאַרנאַוואַל).

רעדאַקטאָר.—(ווען עס עפנט זיך די סצענע, זיצט ער אין שטול אין מיט צימער, ער איז אַ מיטעלער מענטש, געגאָלט דעם קאָפּ, די באָרד גלאַט, ער האַלט איינגעשטעקט צוויי פּענען אונטער ביידע אויערן, ווישט מיטן טיכל די ברילן, טוט זיי אָן, טוט זיי אויס, קוקט אין אַ פּאַפּיר וואָס אויפן טיש און שאָקלט נערוועז מיטן קאָפּ. ביי דער אָפענער טיר שטייט דער משרת מיט אַ געגילדעטער קאָלישקע ביים היטל די פירמע פון „אידישע פאָלקס־צייטונג״, ער קוקט צום קאַרנאַוואַל און מאַכט מיט דער האַנט):

מ ש ר ת — אדיאָס! אדיאָס! אדיאָס!

ר ע ד א ק ט אָ ר — עמי הארצים! גראָבע יונגען! א כפּרה, א כפּרה א מין שרייבן! דער רוח זאָל זיי וויסן! (ער מעקט, שטרויכט מיט דער פּען און רעדט) עם הארצים, עמי הארצים... בעלי ענלות און ווילן זיין שרייבער!

ד י ר ע ק ט אָ ר — (איבערן שפּאַניער־ווענטל ווייזט זיך דער קאָפּ פון דירעקטאָר. אַ שיינער מענטש מיט אַ געקרוויזטן קאָפּ און מיט כיטרע אויגן וואָס לויפן ביי אים) נאָך ניט נעקומען? א לאַנגער יום־טוב אויף זיי! וואָס אינגלעך זיינען! נאדיר א קאַרנאַוואַל! ווען וועט מען ארויסגעבן דאָס בלאַט?

מ ש ר ת — אָט האָב איך נעזען דורכגיין שליאָמקען אין „קאָרסע”, זאָל איך אים אַ רוף טון, באַלאַבאָס?

ד י ר ע ק ט אָ ר — אז מ׳וועט דיך שיקן וועסטו גיין, חמור וואָס דו ביזט! אומעטום שטופּט ער דעם פּיסק. (דער משרת דרייט אַוועק דעם קאָפּ, שטעלט אַרויס אַ לאַנגע צונג). (דער דירעקטאָר נעמט אַריין דעם קאָפּ צוריק).

## א ו י פ ט ר י ט  ד ע ר  ז ע צ ע ר

ז ע צ ע ר — (מיט פּאַפּירן אין האַנט. דערלאַנגט זיי דעם רעדאַקטאָר און זינגט זיך אין דער שטול):

דעם אידישן וואָרט בין איך געטריי
פיל איך די אותיות, דאָס הארץ אָן מיט בליי
ארבעט בייטאָג, ארבעט ביינאַכט
אונטן אין קעלער אינם פינסטערן שאַכט.
קרענקען די לונגען, די אויגן בלינד
אזוי זעץ איך אוים ביכער, גיך און געשווינד,
ציי‏טונגען, זשורנאַלן נאָר אָן א צאָל,
ווער קען אים דעם זעצער,
ווער דערמאָנט אים צומאָל?

דירעקטאר — (בייז, קלאפט אין דער פּאָדלאָגע) ווער דאַרט פאר־
שטימט מיט דיינע סאָציאַליסטישע לידלעך! (קוקט אַריבער איבער דעם
שפּאַניער־ווענטל). אפשר וואָלטן מיר זיי טאקע א רוף געטון? ס'ווערט
שפּעט, וואָס זאָגט איר?

רעדאקטאר — (קערט דעם קאָפּ צו אים). איר דאַרפט זיך ניט אָפּ־
עסן דאָס האַרץ, סעניאָר דירעקטאָר. דאָס בלאָט וועט אַרויסגעגעבן
ווערן אין צייט. איכל אביסל צוארבעטן פאר דעם. זאָלן די אינגלעך
פאַרברענגען אביסל אין דעם יום־טוב קאַרנאַוואַל, זיי ארבעטן גענוג
א גאנץ יאָר.

זעצער — אַזאַ יאָר אויף מיר וואָס פאר א רעדאקטאר מיר האָבן!
(נעמט די פּאַפּירן בײַם רעדאַקטאָר, גייט אַראָפּ אין קעלער, זינגענדיק
זיין ליד).

דירעקטאָר — (גיט אַ שאָר אוועק די שפּאַניער ווענטלעך, גייט צו צום
רעדאַקטאָר, לייגט אויף אים ארויף די האַנט) אויף אייך, הער רעדאַק־
טאָר, איז מיר א וואונדער. איר זאָלט זאָגן: זאָלן זיך די אינגלעך
שפּילן אין קארנאוואל? אידישע שרייבער, וואָס זאָגן, אז זיי טראָגן
אויף זיך די אחריות פון דער אידישער אומה, זאָלן וועלן הנאה
האָבן פון דעם קרעציקן, בלוטיקן בעסטיאַלן קאַרנאַוואַל? ווי קומט דאָס
צו אייך, הער רעדאַקטאָר?

רעדאקטאר — (שטעלט זיך אויף די זיס, נעמט אַראָפּ די פּענסנע און
טוט זי אָן אויף גיך עטלעכע מאָל) וואָס האָט איר מיר אַזויפיל מאָל
אָנגעבלוטיקט, אָנגעקרעציקט, אָנגעבעסטיעט מיט דעם קאַרנאַוואַל,
פּאַניע דירעקטאָר? עס איז נישט אַזוי געפערלעך, סעניאָר! איר נעמט
עס צו טראַגיש, עס איז אַן אַלטער שפּיל, דער קאַרנאַוואַל, פאַראַן אין
אים א סך שיינקייט, א שטיק אמת, א נוצלעכקייט אין לעבן. דער
שרייבער, דער באַגאַבטער קען פון דעם אַ סך שעפּן פאַר ליטעראַטור.

דירעקטאָר — (גלעט אים איבערן גלאַטן קאָפּ) געלערנטע לבנה, באַ־
רעכנט וואָס איר זאָגט: שיינקייט, אמת שעפּן פון דעם בלוטיקן קאַר־
נאַוואַל, א אידישער געלערנטער זאָל דאָס זאָגן? קאַרג בלוט קאָסט
ער אונז אידן, דער פאַרשאָלטענער קאַרנאַוואַל? איר האָט פאַרגעסן
דעם מקור פון וואַנען ער שטאַמט?

רעדאקטאָר — (הויבט אָן שפּאַנען הין און צוריק. גלעט דעם לבנה־קאָפּ)
דער מקור פון יום טוב באַקכוס? ניין, ער איז פיל עלטער פון דעם
גאָט, ער איז גאָר אַלט, זייער אַלט. (ער שטעלט זיך אַקעגן דעם דירעקטאָר,

ווײל זיך אַנטון די ברילן און טוט זײ אָן דעם דירעקטאָר אויפן נאָז. ער שטופּט אים אָפּ די ברילן).

דירעקטאָר — נײן, ס'איז מײן נאָז, זײט ניט צעטראָגן, סעניאָר, אַט איז אײער נאָז, טוט אָן די ברילן (ער װײזט אים אָן מיטן פינגער די נאָז).

רעדאַקטאָר — פּאַרדאָן, פּאַרדאָן! יאָ, דעם מקור פון קאַרנאַוואַל ווילט ווײסן? דער ערשטער מענטש, ווען ער האָט נאָר זײן נאַקעטקײט פאַר־דעקט, האָט ער שױן אַ קאַרנאַוואַל־מאַסקע אויף זיך געצױגן.

דירעקטאָר — עהע! אַלטער בחור (נעמט אים אַרום) איר זײנט אָן אָנהענגער פון נאַקעטע גײן? כי־כי כי! עס פאַרשטײט זיך. אַלטע בחורים האָבן עס ליב...

רעדאַקטאָר — איר פאַרשטײט מיך ניט אינגאַנצן, סעניאָר. נאַ־קעטקײט אין קערפּער איז אויך זײער נוצלעך און געזונט. הלואי וואָלטן איצט די מענטשן נאַקעט געגאַנגען. זינט דער מענטש האָט זײן נאַקעטקײט אין שמאַטעס געװיקלט, האָט ער אַלע קרענק אין זיך פאַרהילט... אָבער דאָ רעדן מיר פון דער נאַקעטקײט פון דער נשמה, אָט די ערלעכע, די שטילינקע, וואָס אינ'ם מענטשן. זי וויל זיך כאָטש אײנמאָל אין יאָר, אין טאָג פון קאַרנאַוואַל, אויסוויקלען פון די פאַלשע בגדים, אויפּעפענען זיך פון דער צבועקישער מאָראַל, און טאַקע אין אײנוועגס אַרויסזאָגן דעם פאַרשקלאַפטן אמת, דעם רײנעם אמת, זײנע פאַרשקלאַפּער, זײנע אונטערדריקער גלײך אין פנים אַרײַן.

זעצער — (אין אַ בלויער בלוזע אײנגעניורעט אין טינט. ער וואַקסט אויס אונטער זײ בײדע מיט פּאַפירן אין האַנט) געזעגנט, הער רעדאַקטאָר! ווי איך בין אַ איד, געזעגנט! אַזאַ יאָר אויף מיר וואָס פאַר אַ רעדאַק־טאָר מיר האָבן... מיליאָנען געדרוקטע פאַרשטיקטע מענטשן גײען אויס אונטער דעם יאָך פון זײערע עקספּלאָטאַטאָרס, ווילן כאָטש אײנמאָל אין יאָר אַן אויפריכטיקן שפּײ טון זײערע בלוט־זױגערס אין דער צורה אַרײַן.

דירעקטאָר — (גיט זיך אַ דרײ אויס צו אים) ויבא המן! דער זע־צער איז דאָ, אדאָס הײסט געזעצט! אדאָס הײסט דיבורים! אדאָס הײסט עזות, עזות, עזות! עזות מחוצף פנים! (ער מאַכט צו אים מיטן פויסט) פּאַרוואָס ביסטו ניט געגאַנגען אַהין אַ שפּײ טון מיט דײן בלײענעם שוואַרצן פּיסקעלע? יונגאַטש וואָס דו ביסט!

זעצער — שפּייען, שפּייען, שפּייען! אויף וועמען וועל איך דאָרט שפּייען? איך האָב פּײַנט צו טאַנצן אויף אַ פרעמדער חתונה, ווען...
דירעקטאָר — (פאַרבײַסט מיט די ליפּן) הומם! ממזר, ממזר, וואָס דו ביסט! ער קאָן שוין איינמאָל אַריינזאָגן, אַ פּיסקל אויף שרויפן. (פּויזע). הייסט עס, דו וואָלסט געוואָלט אַן אייגענע חתונה, אפשר נאָר מאַכן אַ הײמישן קאַרנאַוואַל?
זעצער — (נעמט די פּאַפּירן. אָפּ).
רעדאַקטאָר — (עפנט אויף אים די אויגן) נאָט אייך מיין האַנט, איר, פּאַניע דירעקטאָר, האָט אַ חוש פאַר נעשעפט (פּויזע). יאָ, ווען מיר זאָלן אײַנאָרדענען אַ ליטעראַרישן, קינסטלערישן קאַרנאַוואַל, וואָלט עס אַ גרויסע רעקלאַמע פאַר דער צייטונג געווען, עס וואָלט שוין ניט אויסגעמאַכט, וואָס די מאַשיניסטן מיט די זעצער זאָלן מיט זייער בלייערנער שווארצקייט שפּייען...
דירעקטאָר — אפילו מיט רויטן: מעגן זיי שפּייען, וועמען אַרט עס? כי, כי, כי! (גייט אין זיין צימער, לייגט זיך אַוועק אויפן סאָפאַ, לייגט די פיס אויפן טישל, באַראַבאַנעוועט זיך מיט די פינגער אין קאָפּ): נעשעפט, נעשעפט, דער קריזיס איז גרויס, אפשר? (פּויזע). ער קומט ווידער צו צום רעדאַקטאָר) וואָס האָט איר געזאָגט פריער? אַ ליטעראַרישן קאַרנאַוואַל אַ? עס הייסט, אַלע שרייבער, אַקטיאָרן, אַקטריסעס, גבירים, טעאַטער־ליבהאָבערס זאָלן זיך אָנטאָן מאַסקעס און זיך אַריין קיבעצן... יאָ, אַ פיינע רעקלאַמע פאַר דער צייטונג? איך באַשטיי! אין קאַפּע, ביים סיביראַק נעבן טעאַטער וועלן מיר עס מאַכן, אויפן 29־טן, אַ יאָ? מאַכט אַ נאָטיץ אין דער צייטונג, אָבער אַזוי, אַז ס'זאָל נעמען... איכ'ל עס פינאַנסירן; איר הערט! פאַרשרייבט!
רעדאַקטאָר — (פאַרשרייבט) איך רעכן, אַז מאַסקעס זיך אָנטאָן איז איבעריק, מיר גיין אַלע סיי ווי סיי מיט מאַסקעס פאַרשטעלט, נאָר אַ געשעפט איז עס, מ'דאַרף עס נאָר אַ ביסל צעשמירן...
משרת — (גיט אַ טאַנץ) אוי גוט, אוי גוט! אַ ליטעראַרישן יום טוב מיט מאַסקעס! וואָס פאַר אַ מאַסקע דאַרף איך זיך אָנטאָן, באַלעבאָס?
דירעקטאָר — דו? דו אָנטאָן אַ מאַסקע? דו האָסט דאָך דיין אייגענע פעל, דיין המן הרשעס פּרצוף.
משרת — דאָס בין איך דאָך אַ גאַנץ יאָר, אַן אייזל, וואָס שטייט ביים טיר און וואַרט דער באַלעבאָס זאָל אויף אים רייטן, אָבער קאַרנאַוואַל דאַרף זיין פאַרקערט.... אַ יאָ, באַלעבאָס?

ד י ר ע ק ט אָ ר — פּאַלאַבראַ, גוט געזאָגט! כי, כי, כי! מיינע מענטשן, אַלע געראָטן, מאַלאַדיעץ צאַליק! (קלאַפּט אים אין פּלייצע) ביסט ווערט אַ טרונק! נאַ, אָט האָסטו 50 סענט, גיי טרינק אויס אַ ווערמוט, געטרייער המן מיינער.

אויפטריט מְחבר־דראַמאַטורג

מ ח ב ר ־ ד ר אַ מ אַ ט ו ר ג — (אַ דאַרער נפש אין אַן אָפּגעבליאַקעוועטן ראָק, מיט צעשויבערטע האָר, האַלט פּאַפּירן אונטערן אָרעם) גוטן אָוונט, סעניאָרעס! וואָס אַזוי שטיל? נאָך ניט געקומען די חברה? זיי גוליִען עס אַביסל! (ער גיט יעדן די האַנט).

ד י ר ע ק ט אָ ר — (באַקוקט אים פון אויבן אַראָפּ) וואָס האַלט איר דאָ אונטערן אָרעם, מחבר מיינער? עפּעס געבראַכט פאַרן בלאַט?

מ ח ב ר — ניין, סעניאָר. דאָס איז דער מאַנוסקריפּט פון מיין ווערק, וואָס דאַרף אַריינגיין אין דרוק, איך בין שוין כמעט משווה געוואָרן מיטן פאַרלעגער.

ד י ר ע ק ט אָ ר — (טוט אַ קרום מיטן נאָז) מיטן פאַרלעגער? אַ גוטסט פון מחבר: דעם פאַרלעגער! אַ נו, ווייזט נאָר אַהער! (דערלאַנגט אים דעם מאַנוסקריפּט) זעט נאָר, שווערלעך... (ער וועגט דאָס אין האַנט). היפּשלעך אָנגעשריבן... טויג עס צו עפּעס? ווי מיינט איר, פּראָפעסער מיינער? עס וואָלט געקאָנט גיין אַ פּאָר חדשים אין טעגלעכע פאָרזעצונגען אין דער צייטונג, לאָזט עס אונז איבער.

מ ח ב ר — ניין, סעניאָר, איך וויל ניט צעשטיקלען דאָס ווערק אין די טעגלעכע בלעטער, איכ׳ל עס אָפּדרוקן אין אַ בוך.

ד י ר ע ק ט אָ ר — זייט ניט קיין מלמד, הערט וואָס מען זאָגט אייך, איר מוזט עס אפריער דורכלאָזן ביי אונז אין דער צייטונג, וועט איר כאָטש זיין געזיכערט מיטן דערפאָלג און איר וועט קענען אַרויסבאַקומען צוריק אייערע אָרעמע הונגעריקע סענטן.

מ ח ב ר — וועמער דאַרף סענטן? וועמ׳ דאַרף דערפאָלג? איך גלויב, אַז דאָס ווערק אַליין וועט זיך ביי די לעזער באַקומען זיין דערפאָלג.

ד י ר ע ק ט אָ ר — כי, כי, כי! ביי די לעזער, ביי די לעזער! אַנישט פרעגט מען ביי די לעזער מבינות אויף אַ בוך? ווי נאַאיוו איר זיינט, מיין טייערער מחבר! אונזער קריטיק באַשטימט דעם דערפאָלג פון׳ם ווערק, ווען מיר זאָגן לאָ... כי, כי, כי! זייט ניט קיין שוטה, לאָזט אונז דאָס ווערק.

מ ח ב ר — (הויבט אָן אומשפּאַנען הין און צוריק, שאַרט די האָר מיט ביידע הענט אויף ארויף) איר סטראשעט מיך? איר'ט זאָגן לאָ? איר וועט עס ארונטעררייסן? וואָס זשע מיינט איר? איר זיינט איין זכר אין מאָסקווע? (שטעלט זיך אקעגן דירעקטאָר) ס'איז דאָ א וועלט מיט ליטעראטן, קריטיקער, איר הערט? א וועלט איז דאָ (מאַכט צו אים מיטן פינגער) איך האָב קיין מורא ניט... (נעמט ביי אים צו פון האַנט די מאַנוסקריפּטן).

ד י ר ע ק ט אָ ר — (שוין בייז) איר האָט קיין מורא ניט? א וועלט זאָגט איר? די וועלט קוקט אויף אונז, ווען מיר, די ערשטע, וועלן עס אראָפּזעצן, געדענקט איך וואָרן אייך! זייט א מענטש, נאָט, און פאר־רויכערט! (ער גיט א חניפישן שמייכל און דערלאנגט אים אַ פּאַפּיראָס).

מ ח ב ר — נעמט און פאררויכערט, שפּאַנט אום און לאָזט רויך).

## א ו י פ ט ר י ט ר ע צ ע נ ז ע נ ט

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — (מיט אַ גרויסער פּאַטלע האָר, א שטעקן אין האַנט, אַ פּאַק פּאַפּירן אונטערן אָרעם. ער לויפט אַן, גייט צו צו אַ טישל, מאַכט ליכטיק, לייגט אוועק די פּאַפּירן, דעם שטעקן, דאָס היטל, דערזעט דעם מחבר). האָלאָ, מחבר'ל, פּארטיק דאָס ווערק? א דאָ טראָגט איר עס? א נו, ווייזט נאָר אהער! נאָמיך אַ קוק טון דערויף!

ד י ר ע ק ט אָ ר — נישטאָ וואָס צו קוקן, ער וויל דאָך עס ניט צע־שטיקלען אין אונזער צייטונג! איך גלויב ניט, ס'זאָל עפּעס האָבן א ווערט (ער ווינקט צום רעצענזענט, ווייזט אים מיטן פינגער אראָפּ צו דער ערד, גיט זיך אַ דריי אוים און גייט אריין אין זיין צימער אונטער די שפּאַניער ווענטלעך. מחבר קוקט אים נאָך, שפּייט אוים, שפּאַנט הין און צוריק, רויכערט).

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — פּארוואָס, פריינט, ווילט איר עס ניט געבן שטיקלעכווייז אין דער צייטונג? זעען דען שטיקלעך סאַמעט, זייד ניט בעסער אוים ווי איין גאַנצע ש...ש...ש...?

מ ח ב ר — כי, כי, כי! שמאַטע ווילט איר זאָגן? אויב דאָס ווערק איז ווירקלעך א שמאַטע, וועט דאָס מיטן צעשטיקלען אין דער צייטונג קיין סאַמעט און זייד ניט ווערן. וואָס זאָגט איר, הער רעדאקטאָר? קוקט נאָר אהער, פילאָזאָף מיינער!

מ ש ר ת — איי, איי, איי! זעט נאָר דעם קארנאוואַל, אַ שיף גייט אין מיטן גאַס (ער ווייזט צו דער טיר, קיינער ענטפערט אים ניט).

ר ע ד א ק ט א ר — (גיט אַ קער דעם קאָפּ צום מחבר, כאַפּט אַראָפּ די פּענ־סנע, טוט זיי אָן, טוט זיי אויס, ווישט די גלעזלעך אויף גיך און זאָגט אין אַ ווייטיקלעכן טאָן:) וואָס זאָגט איר, קאָלעגע? סאַמעט, זייד, שמאַטע, רעצענזיע? איז דאָך דאָ אַ דירעקטאָר, אַ באַלעבאָס, איך וויים? (פּויזע). אַ רעדאַקציע איז אַ ליטעראַרישע, כעמישע לאַבאָראַטאָריע. פון מיסט מאַכט מען גאָלד...

מ ח ב ר — איר מיינט אודאי פאַרקערט, געדונגענער רעדאַקציע כעמיסט...

ר ע ד א ק ט א ר — וואָס־זשע ווילט איר, חבר, איבערמאַכן די וועלט? אַזוי איז געשעפט, אַז ס'גייט ניט גלייך, נעמט מען פאַרקערט, וואָס האָט עס צו דעם?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — (גיט זיך אַ שטעל צווישן ביידע) איר זיינט רעדאַקטאָר און איך קריטיקער, ס'איז ניט אַזוי ווי איר זאָגט, ביי אונז איז די קריטיק זייער ערלעך און קאָרעקט.

א ק ט י א ר — (וואַקסט אויס הינטער זיי, מיט אַ שטעקעלע אין האַנט און ער פּייפט אויס אַ לידל) יאָ, יאָ! געוויס קאָרעקט! קאָרעקט! קאָרעקט! (ער דרייט מיטן שטעקעלע, טענצלט זיך אונטער). ביים רעצענזענט אין האַנט זיינען מיר געפּלעפּט, שרייבער, פּאָעטן, קינסטלער און שונ־דיסטן, אין די פינגער פון קריטיקער ליגט אונזער קונסט, רשעה, קנאה, שנאה, געלט באַנאַנד. דאָס איז די טעסט אוואו מען פּרואווט דעם טאַלאַנט.

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — דו, קאָמעדיאַנשטשיק, ווער האָט דיך אויסגע־לערנט דאָס לידל? (פּויזע) אַזוי שטילינקערהייט זיך אריינגעשלייכט... דאָס איז אַפּנים אויך אַ קונסט. וואָס געפעלט דיר אַזוי ניט די קרי־טיק? דו זידלסט זיך גאָר? וואָס האָב איך דיר געטאָן?

א ק ט י א ר — (לויפט צו צו אים, נעמט אים ארום, קושט אים דעם קאָפּ). איך דיך זידלען? חלילה וחס! איך האָב דאָך דיך אַזוי ליב! שאַ, שאַ, דעם באַלעבאָס דיינעם האָב איך פיינט, ביי אים (ער ווייזט צום שפּאַ־ניער ווענטל) איז קונסט, שמונסט, אַלעס איז געשעפט... (פּויזע). טייערער! וואָס האָסטו מיר די נאַכט שוין אָנגעפינטלט? ווי געפעלט דיר די נייע מיידל, די פּרימאַדאָנאַ? וואָס האָסטו איר אָנגעשריבן? אוי איז דאָס אַ מיידל! אוי אַ ליובע, וואָס זאָגסטו אויף איר? (דרייט זיך אַ טענצל ארום זיך). אוי איז דאָס אַ מיידל!

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — משוגענער בחור, איך קום ערשט נאָר וואָס אָן אין

רעדאַקציע אריין, ווער האָט דיר אָנגעפינטלט? ווער האָט געזען דיין מיידל?

אַקטיאָר — אין טעאַטער האָסטו ניט געהאַצקעט מיט דער פען?? ווע־מען ווילסטו נאַרן? פון דער בינע אראָפּ האָב איך געזען ווי דו שרייבסט. ע ע ע! מיין אויפּריכטיקער קריטיקער (ער נעמט אים ארום). קום אריין צו דיר אין צימער, איך האָב מיט דיר וואָס צו ריידן. ניין, קום בעסער צום סיביריאַק אין קאַפע. (ער דרייט זיך אַ טענצל, זיי גייען ביידע אריין אין אַ טיר).

מחבר — (קוקט זיי נאָך) א גוטער אקטיאָר! דאָס פאַלשקייט אליין, ווי ער האָט אים טרפה געקושט... (דרייט זיך ארום, ברומט) טעאַטער, רע־דאַקציע, לאַבאָראַטאָריע פון גאָלד־מיסט, טפוי! (ער נעמט א ציימונג, זעצט זיך ביי א טישל, רויכערט ס'הערט זיך דער קאַרנאַוואַל דורכן טיר,

משרת — (מאַכט מיט דער האַנט) אָדיאָס סעניאָריטאָס, אדיאָס!

## אויפטריט קאַלאַניסט

קאַלאַניסט — (קומט אויף דער טיר, וואו דער משרת שטייט און לאָזט זיך אריינגיין. ער איז אַ פּעסטער מענטש, פּאַרוואַקסן דאָס פּנים מיט אַ געדיכטער באָרד, גרויסע שטיול, א שוואַרצע פּאַטשיילע ארום האַלז, ער האַלט א פּאַפּירל אין דער האַנט).

קאַלאַניסט — דאָ מאַכט מען די גאַזעטן? לאָז, איך וויל אריינגיין.

משרת — א נייעם קאַרנאַוואַל! פאַר א מוזשיק זיך פאַרשטעלט, צו ווע־מען דאַרפט איר עס, פּעטער?

קאַלאַניסט — א פּעטער בין איך דיר? אַנו, נאָמיך דיך אָנקוקן. (ער גיט מיט אים אַ דריי א פּאָר מאָל הין און צוריק).

משרת — נישקשה פון א דרייער, א פּעסט מוזשיטשאָקל, איז צו ווע־מען פון די לייט דאַרפט איר, מוזשיק?

קאַלאַניסט — צום גרעסטן פון די גאַזעטן־מאַכער דאַרף איך.

משרת — צום גרעסטן פון די שרייבער? אַלע זאָגן, אז זיי זיינען די גרעסטע, ס'איז גאָר קיין קליינע נישטאָ ביי זיי. ווייזט אהער דאָס פּאַפּירל פון האַנט, וועל איך וויסן צו וועמען אייך צו פירן.

קאַלאַניסט — מיך פירט מען נישט, וואָס בין איך דיר א בלינד פערד, זאָלסט מיך פירן? לאָז מיך אריין גיין.

משרת — איך וועל ניט לאָזן גיין אין דער וועלט אריין. זאָגט צו וועמען איר דאַרפט, ווייזט דאָס פּאַפּירל.

קאַלאַניסט — נאַ, אַט האָסטו דיר! ער וועט מיך ניט לאָזן. ווער ביסט דאָ אפשר גרעסער פונם אַדמיניסטראַטאָר פון דער קאָלאָניע? איך האָב יענעם אויך דורכגעפּאַטשט (ער גיט אים א דריי אוועק און לאָזט זיך גיין).

משרת — אַזוי, פון א קאָלאָניע ביסטו, א מיוחס? דו מוזשיק! ביי מיר גייט עס ניט! (ער גיט אים א נעם ביי דער פּאַטשיילע, זיי הויבן זיך אָן צו ראנגלען און ליגן באלה ביידע אויף דער ערד און קאַטשען זיך).

דירעקטאָר — (פונ'ם שפּאַציער וועגעלע שטעקט ארויס דעם קאָפּ). וואָס איז דאָ? אן איבערפאַל אויף דער רעדאַקציע? (ער הויבט אָן קלינגען מיטן גלעקל, לויפט צו צו דער קעלער־טיר און שרייט): ע ארבעטער! אן איבערפאַל אין רעדאַקציע, קומט ארויף!

רעדאַקטאָר — (גיט זיך א כאַפּ) וואָס, אן איבערפאַל? (ער לויפט אום זוכן אַ טיר, דרייט מיט דער האַנט די ברילן, אנטלויפט. ס'לויפן אָן די זעצערס, די מאַשיניסטן, אין די אַרבעט־בלוזעס, און נעמען זיך געבן קלעפּ און שרייען:) אן איבערפאַל! אן איבערפאַל!

מחבר — (א מוטל בלאַסער כאַפּט זיך אויף פון בענקל, קוקט זיך איין אין דעם איבערפאַלער און שרייט אויס:) שטייט, חברה, שלאָגט ניט, ס'איז ניט קיין איבערפאַלער, איך קען דעם אידן, ס'איז רבי אפרויקע באַץ פון קאָלאָניע, שטייט, שלאָגט ניט.

דירעקטאָר — האַלט זיך ביים האַרץ) נאַ, א שרעק! נאַ, א שרעק! ווער זאָגט איר, דראַמאַטורג, ווער איז דאָס? אפרויקע באַץ? נאָמיך נאָר זען! (קוקט אויף אים) אויף מיין אידישקייט, טאַקע אפרויקע, אפרויקע באַץ, מיין פּאַיסאַנאַ, מיין לאַנדסמאַן, שטייט! חברה, ווי קומסטו אהער, אפרויקע, אַמיגאָ? (ער הויבט אויף פון דער ערד דעם קאָלאָניסטס היטל, פּראַשעט עס אָפּ, גיט א שטופּ דעם משרת) אייזל־קאָפּ, וואָס האָסטו געטון? ס'איז דאָך מיינער א פּאַיסאַנאָ. (צו דער חברה) גייט צו אייער אַרבעט, קינדער, ס'איז מיינער א יוגנט־פריינט. אוי, אוי, אוי! אַזאַ שרעק!

קאַלאַניסט — (מאַכט צורעכט די פּאַטשיילע ביים האַלז, שפּייט אויס, קוקט זיך איין אינם פּנים פונם דירעקטאָר) נאַ, דיך האָב איך דאָך געזוכט, אָט האָב איך דעם אַדרעס, ווי איך בין א איד, ס'איז יאַנקל! טאַקע יאַנקל, חיה אסתרס פון אונזער מיכלפּאַליע, דו ביסט עס, יאַנקל? (טרייסלט מיט אים) איז דאָס דיין פּיאַן, דער משרת־יונג, וואָס האָט זיך מיט מיר געשטעלט באָרען? איך האָב ווילדע אָקסן בייגע־

קומען, זאָל איך אזא שטאַטישן געצלפיזיק ניט אווּעקליינן? האָסטו געהערט א מעשה?

ד י ר ע ק ט אָ ר — באַרואיק זיך, פּרויקע, קום זעץ זיך אַנידער דערציילן מיר ווי קומסטו אהער? אזא שרעק, אזא סקאַנדאל! (ער האלט זיך ביים הארץ און פירט אים צו צו דער סאַמעטענער סאָפּא) זיץ, אפּרוּיקע, וויפיל יאָר זיך ניט געזען, א יאָר פופצן, האַ? נעם פּאַררויכער א גוטן פּאַפּיראָס. (ער גלעט אים די באָרד) מיין אַמיגאָ, מיין יוגנט־פריינט, אפּרויקע זאַנוויל זלאַטעס ע ע ע!

ק אָ ל אָ נ י ס ט — (זעצט זיך אַוועק, שטרעקט אוים די פיס, ציט ארויף די כאַליעוועס פון די שטיוול) איך רויכער ניט די שטאַטישע פּאַפּיראָסינקעס, גרינג ווי שטרוי, פרעסן די לונגען. איך האָב א ליולקע. (ער שלעפּט ארוים אַ פּעלענע בייטעלע מיט טאַבאַק, א ליולקע, שטאָפּט זי אָן, פאררויכערט און לאָזט דאָס בייטעלע אויפן טיש, רויכערט און שפּיט. זיי רעדן צווישן זיך שטילע לאַכן אַלעמאָל).

מ ח ב ר — (גייט צו, נעמט דעם בייטל מיטן טאַבאַק, שמעקט) אך, א שטאַרקער טאבאק, ס'איז איינענער טאַבאַק, איך וויים, איך האָב געזען אין קאָלאָניע ווי ער וואַקסט.

ק אָ ל אָ נ י ס ט — (קוקט אים אָן) האָב איך ניט קיין טעות (ער פּאטשט זיך אין שטערן) דאַכט זיך דער רבי? יאָ, טאַקע, כ'לעבן, דער רבי! דער אמאָליקער לערער פון קאָלאָניע, רבי, רבי, רבי! וואָס־זשע ביסטו אַזוי איינגעדאַרט, איינגעשקוואַרט? קאַראַמבאַ! א קויערע, א פּעל, א שקורע! אוי, אוי, רבי, רבי, רבי!

מ ח ב ר — נאַט אייך שלום, רבי אפּרויקע. אַזוי שלעכט זע איך אוים, רבי אפּרויקע? (טאַפּט זיך ביי די באַקן).

ק אָ ל אָ נ י ס ט — אודאי שלעכט, פּונקט ווי מיין אַלטער באָזשע פערד. וואָס־זשע, פּעבכניעסט אויפן פּיסק, האַ? וואָס ליגסטו אין שטאָט? קום אין דאָרף, אין קאָלאָניע אריין! מיין מאַלצע באַקט נאָך היינט גוטע קנישעס (ער לעקט מיט דער צונג) איי, קנישעס!

ד י ר ע ק ט אָ ר — וואָס־זשע פריינט איז אין דאָרף בעסער ווי אין שטאָט? מיר דאַכט, דער קריזיס אין דער אגריקולטור איז אַזוי גרוים, א סך גרעסער ווי ביי אונז אין שטאָט, אייערע פּראָדוקטן האָבן דאָך גאָר קיין ווערט ניט אויפן מאַרק.

ק אָ ל אָ נ י ס ט — (מיט א זיפץ) אמת, אונזערע תבואות האָבן א קליינעם ווערט, אָבער ווער איז שולדיק דערין? (ווערט בייז) אייערע

שטאָטישע גנבים, די שאַנטיוקעס, די שקלאַפן־טרייבער, די סוחרים, זיי האָבן איין האַנט געמאַכט, ראַבעוועט! ראַבעוועט! (ער נאַקיוועט מיטן פויסט) מירן איבערטראָגן, מיר האָבן צייט, עסן האָבן מיר, קליידער דאַרפן מיר ניט, מיר קענען א פּאָר יאָר אויסקומען מיט אַלטע קליידער, אָבער איר, גנבים, איר, וואָס האָט דעם קריזיס געשאַפן, איר וועט צעבראָכן, צעריבן ווערן אויף אַש, איר וועט איינס ס׳אַנדערע אָנזעצן, איינשלינגען, צעקייען און אויסשפּייען אויפן מיסט.

(ער גיט א שפּיי אין דער זייט, רויכערט שטאַרק, לאָזט דעם רויך און קוקט אַראָפּ צו דער ערד).

ר ע ד אַ ק ט אָ ר — (קומט אָן אויף די רייד, זעצט זיך ביים טיש, ווישט דעם לבנה קאָפּ). א שטיק אמת געזאָגט. פּרימיטוו, אָבער ריכטיק, דער קריזיס פון דער אגריקולטור וועט ארויסרופן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. און דערביי גייען די סוחרים די ערשטע אויפן פייער. מ׳דאַרף עס פארנאָטירן פאַרן בלאַט. (נאָטירט).

ד י ר ע ק ט אָ ר — (גיט א ביזן קוק) איר, דאָקטאָר מיינער, האָט זיך שוין אויך אָנגעשמעקט מיטן צפון? ווי קומט צו אייך א דער לעניניסטישער געדאַנק? שרייבט נאָר ניט פון דעם, דאָס פייער איז נאָך ווייט, דערווייל פאָרט דער סוחר אויפן פערד, און דער פויער ליגט אין דער ערד. נאָמיר ניט רעדן דערפון. זאָג בעסער, אפרויקע, אַמיגאָ מיינער, ווי קומסטו עפּעס אין שטאָט, ווער איז דאָס פּאַפּיר, און ווי קומסטו אין מיין רעדאַקציע ביינאַכט?

ק אָ ל אָ נ י ס ט — ווי איך קום? איך האָב פון לאַנג געוואוסט, אז דו האָסט אַ פאַבריקע אין שטאָט, איך האָב אָבער ניט געוואוסט, אז די פאַבריקע אין דער גאַס איז דיינע, איך האָב געזוכט אזאַ... פאַרשטייסטו, אַ? א איך האָב אַ גאַסט...

ד י ר ע ק ט אָ ר — וואָס פאַר אַ פאַבריקע, וואָס רעדסטו? האָסט נאָך אַלץ ליב דיינע קליין שטעטלדיקע ווערטלעך...

ק אָ ל אָ נ י ס ט — ווערטלעך זאָגסטו? איז דאָס ניט אַ פאַבריקע פון גאַזעטן, וואו מ׳באַקט ל, ל,!?

ד י ר ע ק ט אָ ר — א פאַבריקע, וואו מ׳באַקט ליגן? כי, כי, כי! איר רעדאַקטאָר, בעקערמייסטער! וואָס פאַר אַ נאָמען דער מוזשיק גיט הערט, אונזער רעדאַקציע? נו, יאָ (ער נעמט אים ביי דער באָרד, גלעט זי) אַ שיינע באָרד, א מחיה, איך האָב שוין אזוי לאַנג ניט געגלעט

קיין באָרד, וואָס האָט דיך אין מיין פאַבריק, וואו מ'באַקט ליגן גע־בראכט? וואָס פאַר א גאַסט האָסטו? רעד, דערציייל!

קאָלאָניסט — לאָז נאָר צורו מיין באָרד, פאבריקאנט מיינער, אלעס וויל עס וויסן, און אויף גיך... לויף ניט אזוי, כאפ ניט, א פארשאָל־טענע זאך, די שטאָט, נאָר ס'לויפט. דערפאר ווערט איר טאקע גע־הרגעט פון די מאַשינען, פון די אויטאָס, פון די ארויפשלעפערס אויף די עטאַזשן, כאַ, כאַ, כאַ! נו, האָט מען מיך אויף דער אכסניה גע־שלעפט! מיט קייטן געשלעפט, אין א שטייג ווי א חזיר געשלעפט ארויף ארויף. טפוי זאָל עס ווערן! צו אלדי שווארצע יאָר.

דירעקטאָר — דערצייל, דערצייל, כי, כי, כי! מ'שלעפט מיט קייטן, הא?

קאָלאָניסט — האָב צייט, איכל דערציילן, נאָמיך אויסקלאפן די ליולקע. (ער קלאפט אוים די ליולקע אויף דער דלאָניע).

דירעקטאָר — (נעמט אים ארום) יאָ, פריינט, האָסט רעכט, איר אין פעלד האָט שטענדיק צייט, אפילו דעם קריזיס איבערצוטראָגן האָט איר אויך צייט, דירה־געלט קאָסט אייך ניט. דערצייל פאמעלעך, וואָס? אפשר האָסטו ידיעות פון אונזער געבורט־שטעטעלע, פון אונ־זער מעכילפאליע?

קאָלאָניסט — בריוו פון אונזער מעכילפאלי? אודאי האָב איך אויך א גאַסט פון דאָרט, אמאן מיט א ווייב האָב איך, וועסט באלד זען, ער וועט אָנקומען, ער האָט דעם אדרעס פון דיין פאבריקע...

דירעקטאָר — א גאַסט פון אונזער שטעטל? ווער? זאָג!

קאָלאָניסט — נאָר ניט געכאַפט, אמיגאָ, איכל דערציילן. דו גע־דענקסט דעם אלטן חזן, ברוך דעם חזן מיט זיינע דריי פירטל טוץ מיידן, איינע שענער פון דער אַנדערער, וואָס האָבן אלע געזונגען ווי די קאַנאַריקעס?

דירעקטאָר — א שאלה אביסל צי איך געדענק! לייזער שרכן האָט מיר גערעדט די עלטערע, מירל האָט זי געהייסן, נאָר איך בין אוועק קיין אמעריקע.

קאָלאָניסט — נאָ, האָב איך חתונה געהאט מיט דער צווייטער מאַלציע, און בין שפעטער מיט א פאָר יאָר, אויף קאָלאָניזאציע אהער פארפאָרן.

דירעקטאָר — דו האָסט ברוך דעם חזנס טאָכטער פאר א ווייב?

נאַ, איז דאָך דיר גוט ווי די וועלט, צייט איז דאָך דאָ, זינגט זי דיר, וואָס?

מ ח ב ר — אוי, זינגט זי שיין. ווען איך בין דאָרט לערער געווען און פלעג אונטער אַ יום טוב אַ קינדער־טעאַטער פאַרשטעלן, פלעג זיי ער מאַלציע אַלע לידלעך מיט די קינדער איינזינגען, און מיט זיי מיטזינגען, און מיט זיי מיטשפּילן, און אַ טעכטערל, אַ פּערל האָבן זיי, זינגט זי נאָך שענער פון דער מאַמען, האָט אַ גוואַלדאָוונעם חוש צו דער בינע. וואָס טוט זי פּערעלע, ר' אפּרויקע? דאַרף שוין זיין אַ גרויסע מויד. שוין אַ צען יאָר זי ניט געזען. אָ, איך וואָלט זי גע־ווים ניט דערקענט.

ק אָ ל אָ נ י ס ט — (נעמט זיך אָן ביים האַרץ) שאַ, רעדט ניט פון איר, פון דער מויד, דערמאָן מיר ניט דער מוידס נאָמען.

ד י ר ע ק ט אָ ר — וואָס איז, געשטאָרבן חלילה, וואָס?

ק אָ ל אָ נ י ס ט — ערגער פון געשטאָרבן! שוין אַכט יאָר, אַז דער אומגליק האָט אונז געטראָפן, זי איז אוועק פון שטוב, אַנטלאָפן.

ד י ר ע ק ט אָ ר — וואָס, מיט אַ שייגיץ אודאי! דאָ אין שטאָט אַנט־לויפן זיי גאָר ניט...

ק אָ ל אָ נ י ס ט — וואָס פאַר אַ שייגיץ? צו די קאָמעדיאַנטן איז זי אַנטלאָפן, צו דער בינע, אויף די ברעטער האָט זי געצויגן, זי איז קיין אייראָפּע מיט אַ טרופּע קאָמעדיאַנטן אוועק, מיין טייער פּערעלע, איכל זי שוין מער ניט זען. (גיט אַ טרייסל מיטן קאָפּ) באַ, באַ, באַ! פאַרפאַלן און שוין!

## אויפטריט אַקטיאָר

אַ ק ט י אָ ר — (דערזעט דעם קאָלאָניסט, ווערט בלייך, הויבט אָן ציטערן, וויל צוריקגיין, באַרעכנט זיך אָבער, גיט זיך באַלד אַ דריי און גיט זיך אַ פּליאַסק אין באַק) זאָל מיך דער שלאַק טרעפן, ווען איך האָב אַ טעות! ס'איז ר' אפּרויקע פון קאָלאָניע. איאָ, ר' אפּרויקע? וואָס מאַכט איר, רבי אפּרויקע? שלום עליכם! (ער גיט אים די האַנט) איר האָט מיך דערקענט? האָ? שוין אַביסל יאָרן ניט געזען.

ק אָ ל אָ נ י ס ט — (נעמט די האַנט, קוועטשט אים שטאַרק, קוקט אויף אים און שמייכלט) דערקענט, דערקענט... איך האָב דיך דערקענט, ממזר, דו ביסט יענקעלע בוילע. וואָס האָסטו געטון מיט דער אָרעמער חאַ־סיע די יתומה? זעסטו אַז איך געדענק?

א ק ט י אָ ר — קוועטשט ניט אזוי שטארק! איר וועט מיר צערייבן די פינגער, לאָזט מיר אָפּ די האַנט. (ער טאַנצט אונטער פאר ווייטיק). געוואַלד', מיינע פינגער!

קאָ ל אָ נ י ס ט — מיינסט איך האָב פארגעסן דאָרט אין קאָלאָניע אין גאַלפּאַן, וואו איר האָט געמאַכט טריאַטעה, וואָס האַסטו געטון מיט כאַסיען? אָרעמע כאַסיע יתומה! (ער לאָזט אים נאָך די האַנט).

א ק ט י אָ ר — (בלאָזט זיך אין די פינגער) אַן אייזערענער איד, ווי אין קלעשטשעס מיר איינגעפּרעסט די פינגער. (פּויזע) זאָרגט ניט, רבי אפּרויקע, זי איז גאַנץ כאַסיע, מירן דאָס יאָר ווידער שפּילן ביי אייך טריאַטער. (פּויזע) וואָס־זשע מאַכט איר, רבי אפּרויקע? וואָס מאַכן די קאָלאָניסטן? א גוטע קאַסעטשע געוועזן? וואָס־זשע מאַכט אייער מאַלציע, אייער טעכטערל פּערעלע? ניט געוואָרן קיין אַקטריסע? אוי האָט זי חשק געהאַט צו דער בינע.

ק אָ ל אָ נ י ס ט — (גיט זיך א שטעל אויף, כאַפּט אים אָן זאַבאַרקע, און הויבט אָן טרייסלען מיט אים). א רוח אין דיין טאַטנס טאַטן אריין, דו ממזר! דו אפּנים האָסט אויף מיר דעם אומגליק געבראַכט, אָ, אָ, אָ, דו האָסט זיך אַליין געמסרט! גיב מיר אָפּ מיין פּערעלען, דו ווייסט וואו זי איז, דו, דו האָסט זי אַנגערעדט, מיט דיר אַפּנים איז זי אַנטלאָפן...הא! איצט פארשטיי איך ערשט, ממזר, ממזר! (טרייסלט מיט אים שטארק).

א ק ט י אָ ר — לאָזט מיך אָפּ, רבי אפּרויקע, איך ווייס גאָר נישט, איך קום ערשט אָן פון נאָרד אַמעריקע. איז אייער פּערעלע אַוועק? צו די אַקטיאָרן איז זי אַוועק? איז וואָס־זשע איז דער אומגליק? זי וועט זיין א גרויסע אַקטריסע, אירט גליקלעך זיין מיט איר, זי איז א טאַלאַנט און זינגט, און איז שיין ווי די זון.

ד י ר ע ק ט אָ ר — לאָז געמאַך דעם אַרטיסט, אפּרויקע! ער קומט ערשט אָן פון אמעריק.

ק אָ ל אָ נ י ס ט — (לאָזט אים אָפּ, זעצט זיך צוריק, שאָקלט מיטן קאָפּ). פון אַמעריקע קומסטו? ניין, זי איז קיין אייראָפּע אוועק, ניט מיט דיר אפּנים איז זי אוועק. (זיפצט שטאַרק) מיר אויפגעמישט מיין צרה, אוי א צרה!

ד י ר ע ק ט אָ ר — נאָ! דאָס איז דיין צרה, אפּרויקע? א טאָכטער אַן אַקטריסע! ס'איז דאָך א גליק בנאמנות, א הערלעך גליק בנאמנות,

ביסט דאָך טאַקע פּאַרמוזשיקעוועט געוואָרן! אַן אַקטריסע אַ צרה?
כי, כי, כי!

**קאָלאָניסט** — אַזאַ נאַמנות,, אַזאַ ערלעכקייט אַפּנים ביי אייך אין שטאָט, אַ שיין גליק כלעבן, קומען אַ טרופּע אין קאָלאָניע אַריין, שלעפּן צענויף קלעצער, ברעטער אין תבואה שפּייכלער אַריין, ציען אויף אַ ליילעך, פאַרפירן אונטער אַ די אָרעמע דינסט־מיידל כאַסיע מיט דעם שאַרלאַטאַן יעקעלע בוילע, און אין דער פרי נאָכן טריאַטער־שפּיל, האָבן זיי ניט מיט וואָס אַהיימצופאָרן. אַ שיין גליק דאָס אַקטיאָרסטווע, אַזאַ יאָר אויף זיי; מאַאים זאָל זי גיכער גיין ברעכן די מויד, קי מעלקן, ניט גיין אין טריאַטער טאַנצן אויף די ברעטער, איכל זי ביי די צעפּ אַהיימשלעפּן, ווען איכל זי נאָר דערטאַפּן. דאָס טריאַטער איז פאַר די שטאָט אידן, ניט פאַר אונזערע קינדער. די שטאָט, די שטאָט, אַ נכפה זאָל זי טרעפן. (ער ווייזט מיט דער פויסט אין דער לופט, טופּעט מיטן פוס) אַ נכפה, אַ נכפה אויף איר!

**רעצענזענט** — (קומט אָן אויף די רייך, שאַרט אַרויף די פּאַטלע האָר מיט ביידע הענט, פּייפט אויס אין דער הויך) אַ אַ אַ! אַ בייזער איד, ווי ער האָט עס פיינט די שטאָט! זאָגט נאָר רבי איד, וואָס פאַר אַ שלעכטס האָט אייך די שטאָט געטון, וואָס איר האָט זי אַזוי גרויזאַם פיינט?

**קאָלאָניסט** — ווער ביסטו מיט דער טשופּרינע? און וואָס איז דיין עסק? און וואָס איז די שאלה דיינע, צוציק מיינער? וואָס פאַר אַ גוטס האָט זי מיר געטון די שטאָט? און וואָס טוט איר אינגאַנצן אין שטאָט? באַ באַ באַ! לויפן אום אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט, נישטערן מיט דער נאָז ווי דער וואָלף דעם פוקס אין וואַלד, זוכן חיונה. דער גרעסערער פּיש שלינגט איין דאָס קלענערע פישל, קיינמאָל איז עס ניט זיכער מיטן מאָרגן, אַזאַ יאָר אויף אייך מיט אייער שטאָט. ווען איך זאָל מאַכט האָבן, אויף שטיקלעך, אויף ברעקלעך, אויף פּיצלעך וואָלט איך צעמאָלן די שטאָט, אַרויסגעטריבן די אַלע סוחרים, קויפערס, מאַשעניקעס, גנבים אין פעלד אַריין, גייט אַרבעטן, אַרבעטן! (ער גיט אַ וואָרף דאָס היטל, מאַכט אַ פויסט בברור...

**דירעקטאָר** — באַרואיק זיך, פּרויקע (גלעט אים די באָרד) רואיק, פריינט, רואיק, ס'איז ניט אַזוי געפערלעך, אַפּרויקע, וואָס היצסטו זיך אַזוי שטאַרק? אמת, דער שטאָט־מענטש לויפט, זוכט, קיין פאַר־

גרייטע שייערס מיט ברויט ווי דער פויער אין פעלד האָט ער ניט, דער שטאָט־מענטש... ער דאַרף אַלע טאָג שטיין אויף דער וואך, זוכן פּרנסה, אָבער ווען ער געפינט ניט, ווען ער האָט ניט זיינס, האָט ער יענעמס... עסט ער יענעמס, פאַרשטייסט? אַנזעצן, שרפהנען איז אויך א מסחר... אָבער דער פויער ווען ער האָט ניט, האָט ער ניט, פגרט ער פון הונגער, קומט ער בעטן ווילמאַזשנע אין שטאָט. נאָ־ מיר ניט רעדן דערפון. זאָג מיר בעסער וואָס פאַר א גאַסט איז דאָ פון אונזער שטעטל. איך בענק דאָך אזוי נאָך דעם. (ער גלעט אים ביים באָרד).

קאָלאָניסט — טשעפּע ניט מיין באָרד, וואָס האָסטו צו איר? (גלעט אוים די באָרד) אפשר האָסטו רעכט, פאַבריקאַנט מיינער, אָנ־ זעצן איז אויך א מסחר. די שטאָט עסט פרעמדס, אודאי פרעמדס! אז זיי אַרבעטן ניט, איז דאָס פרעמדס. אָבער צום ענין. מיר האָבן זיך אביסל פאַררערט, ניט דאָס בין איך צו דיר געקומען ריידן פון פּאָליטיק. (פויזע). טא, יאָ! דעם גאַסט פון׳ם שטעטל ווילסטו ווימן? אָט איז א פאָרטרעט! (ער נעמט ארויס פונם בוזעם א בילד און ווייזט) דערקענסט אים? ער איז דאָ אויף דער אכסניה, ער איז מחויב באַלד אָנצוקומען אהער.

אַלע — (שטעלן זיך ארום קוקן אין דעם בילד).

דירעקטאָר — איך זע א פּאָרל, א חזן אין א טליתל, א יונגעטשקער, מיט א שיין מיידל, ווער איז דאָס? שאַ, שאַ (קלאַפּט זיך אין שטערן). די פיזיאָנאָמיע איז פון׳ם חזנס קינדער, יאָ, ס׳דאַרף זיין מאַלציעס ברודער, ברוך דעם חזנס קינדער מיט די לאַנגע העלזער, און די צווייטע, א ווייב, א שוועסטער, זאָג?

## אויפטריט חזן

חזן — (מיט אַ רייזע טעשל אין האַנט און דאָס ווייבל אין דער צווייטער האַנט קומט אָן). געטראָפן! מאַלציעס ברודער, בנימטשיק דער אַלט. איך דערקען אייך, רבי יענקל. „טאַק טאַטשנאָ”, אזוי ווי איז זיינט געווען בחורוויז, יעקל חיה אסתרס פון דער קרעטשמע! אוי, פלעגט ער ווארפן מיט די שכורים די גוים.

דראַמאַטורג — ער ווארפט נאָך איצט אויך מיט אַנדערע שכורים...

דירעקטאָר — (גיט אַ בייזן קוק צום דראַמאַטורג און רעדט ווייטער). א קליין אינגל געווען, בנימטשיקל, א יאָר צען. געזונגען אַלט, יאָ

איך דערמאָן זיך דעם לכה דודי בואי כלה. בואי כלה, פלעג עס זינ־
גען אזוי שיין, וואָס־זשע מאכסטו בנימטשיקל! (נעמט אים ארום)
ביסט א חזן, אודאי א מאָדערנער חזן, האָ?

ח ז ן — דורכגעמאַכט אַ קאָנסערוואַטאָריע, אויסגעוועזן אַ שטיק אייראָ־
פּע, איצט געקומען אין אַמעריקע געבן א פּאָר קאָנצערטן, אפשר
ערגעץ אַ ראַון... אפשר א טעאַטער (גיט זיך אַ גאָרגל).

ד י ר ע ק ט אָ ר — און דאָס איז דיין ווייבל? אויך אפשר פון׳ם שטעטל?
איך דערקען זי ניט. (ער גיט זיי ביידע די האַנט).

ח ז נ ט ע — און איך האָב אייך יאָ דערקאָנט, מיר זיינען דאָך שכנים
געווען, אונזער שטוב איז פּונקט אקעגן אייער קרעטשמע געווען.

ד י ר ע ק ט אָ ר — (גייט צו נאָענט צו איר, קוקט איר אין די אויגן אריין,
פּאַרבייסט אַ ליפּ). איך בין שוין אפּנים אַלט (ער רייבט זיך די אויגן).

ח ז נ ט ע — נאָ, אודאי אַלט, איר זיינט שוין דעמאָלט געווען אַ גרוי־
סער בחור פון צוואַנציק יאָר, און מיר איז געווען אַכט יאָר.
אוי, פלעג ער קנייפּן! שטיקער פלייש פלעג ער אויסקנייפּן, ביז דער
טאַטע האָט אים כי, כי, כי!

ד י ר ע ק ט אָ ר — אוי, איך האַלט עס ניט אויס, לאהלע! לאהלע! די
בלאָנדע מיידעלע, חיים יוסי בער לעבשציערס טעכטערל. גוואַלד!
גוואַלד! אַדאָס ביסטו? די בלאָנדע לאהלע? אוי האָב איך זי ליב
געהאַט! אוי, א פּוקע מיידעלע געווען (ער וויל זי ארומנעמען).

ח ז ן — (גיט זיך אַ דריי אריין צווישן זיי ביידע, גיט זיך אַ גאָרגל) ותפתח
את ספר הזכרונות, ויד כל אדם בו, אָן הענט, פּעטער דירעקטאָר,

ד י ר ע ק ט אָ ר — אוי אַ שיין מיידעלע געווען! איך האָב זי אַזוי ליב
געהאַט!

ק אָ ל אָ נ י ס ט — נאָ, זיך דערקענט, האָסטו זיך געריכט, שוואָגער,
אויף יענקל חיה אסתרס, א פאבריקאַנט פון גאַזעטן געוואָרן אין
אַמעריקע, ער וועט דיר שוין רעכט אָנשרייבן, אָנשמירן אין בלאַט,
אויסלויבן דיין קול שענער ווי ראַזומנען פון אָדעס, און זי ווי פּאַ־
טין, גערעדנקסט פּאַטין?

ד י ר ע ק ט אָ ר — (ברוגזלעך, לאָזט אַראָפּ די נאָז) דו, מיין פריינט, ביסט
געוואָרן אַן אמתער מוזשיק, וואָס הייסט איכל אים אָנשרייבן, אויס־
לויבן? ביי אונז איז אַלעס קאָרעקט.

ק אָ ל אָ נ י ס ט — וואָס־זשע, איך וויל עפּעס אומזיסט? איך וויים,
אז באַקן קאָסט געלט, כי, כי, כי!

ר ע ד א ק אָ ר — זייט מוחל, קאָלאָניסט, דאָ רעדט זיך ניט פון גע־צאָלטס, מ׳רעדט דאָ פון טאַלאַנט, דאָס דאַרף מען פּרובירן.

ח ז ן — פּרובירן? אודאי פּרובירן! (צענעמט דאָס טעשקל, שלעפּט ארויס דעם קאַמערטאָן און קלעמט מיט די ציין, גאָרגלט זיך דורך און גיט א פּרעג) וואָס זאָל איך זינגען? א נעריצכל, א תקנת שבתל, אפשר א יעלה, אן אתה זוכרל, צי גאָר א לידל „דובינושקי״, אָדער פּשוט א אידיש פאָלקס־לידל?

א אידיש פאָלקס־לידל? לאהלע, דו וועסט מיר העלפן? א דועט וועלן מיר זיי אויפשפּילן, איין דועט וועלן מיר זינגען...

מ ח ב ר — א אידישע ליד! זינגט א אידיש!

ח ז ן — צולים אונזער בן עיר, דעם דירעקטאָר, וועל איך זינגען אן אל־טע אידישע ליד, וואָס אַלע ביי אונז אין שטעטל האָבן געקענט.

(זינגט אין דועט מיט דער חזנטע, אלע אפּלאָדירן מיט די הענט).

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — א טאַלאַנט, אירט קענען געבן קאָנצערט? ער וועט אָבער שטערן אביסל דעם טעאַטער, הער דירעקטאָר, ס׳וועט באַלד זיין דאָ דער עמפּרעסאַר מיט דער נייער פּרימאַדאָנאַ, מ׳דאַרף זיי עפּעס באַקלערן...

ד י ר ע ק ט אָ ר — דאָס איז שוין מיין עסק, איבל מושווה ווערן מיטן עמפּרעסאַר פון טעאַטער, איר רעדט נאָר ניט מיט קיינעם. לאָז דער עמפּרעסאַר דערוויייל פון אייך זיך ניט דערוויסן, אז ס׳איז געקו־מען א קאָנצערטיסט, און נאָך מיינער א פּאַיסאַן.

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — אָבער ער קומט באַלד אהער, ער דאַרף דעם חזן ניט זען...

מ ש ר ת — דער עמפּרעסאַר פון טעאַטער מיט דער נייער אקטריסע זיי־נען צוגעפאָרן מיטן אויטאָ, שטייען אונטן, פרעגן אויף אייך, הער דירעקטאָר.

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — נאָ, וואָס האָב איך געזאָגט? צוויי קעץ אין איין זאַק...

ח ז ן — איז טאַקע גלייכער דער עמפּרעסאַר זאָל אונז ניט טרעפן?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — אודאי אזוי, די עמפּרעסאַרן לוינט ניט קיין קאָנ־צערטן.

ד י ר ע ק ט אָ ר — איבל שוין זען, איר זאָלט פּראָווען קאָנצערט, פאַר־לאָזט זיך אויף מיר, די גאַנצע קולטור, די דראַמאַטורגעס, די שריי־בער מיט די טעאַטערס זיינען ביי מיר אין האַנט. לאהלע וועט נאָך

טעאַטער דאָ שפּילן, זי איז מיין יוגנט־פריינט... (טוליעט זיך נעבן איר).

קאַלאַניסט — טאָ קומט זשע אויף דער אכסניה, מירן שוין מאָרגן אריין גיין אהער. (געזעגענען זיך, גייען אָפּ).

דירעקטאָר — הערט, חברה, די נייע פרימאַדאָנאַ איז א ספרדישע מיידל, גאָר פון די גדולים, מ'דאַרף זי פיין אויפנעמען. איכ'ל זי גיין ארויספירן (לויפט ארויס).

רעצענזענט — זי איז פון ספרד ווי איך בין פון אויסטראליע, זי פארמאָגט א פּויעריש פּנים, דאַרף זיין עפּעס א דאָרפס־מויד.

מחבר — איר הויבט שוין אָן מיט אייערע שטיק. אומעטום מוז ער אריינשטופּן די פוילע ציין.

רעצענזענט — אין אייער שמאַטע וועלן מיינע ציין ניט קריכן.

מחבר — (גיט אַ שפּיי אין דער זייט) קאַנאַליאַ! (לויפט ארויס, קלאַפּט צו די טיר).

ארטיסט — דו הערסט, דו, קריטיקער, צו מיר קוק! פאַר דעם מיידל וועל איך דיר אַלע ציין אויסשלאָגן, זי איז מיינע. (נאַקיוועט אים מיטן פינגער. כאַפּט ארויס א שפּיגעלע פון קעשענע, שפּיגלט זיך, פארגלעט די האָר).

רעצענזענט — איך ווייס ניט, צי זי איז דיינע, דאַרפסט ניט קלאַפּן קיין ציין, מירן נאָך זען, ווען זי איז...

אויפטריט עמפּרעסאַר און אַקטריסע

עמפּרעסאָר — גוטן אָוונט, מיינע הערן, אדאָ וויל איך אייך פאָרשטעלן אונזער פרימאַדאָנאַ, פריילין לאָלא (שטעלט זי פאָר יעדן מיטן נאָמען) דאָס איז דער דירעקטאָר פון דער ציטונג, דאָס איז דער רעדאַקטאָר, דאָס איז אונזער ערלעכער קריטיקער... און דעם (ווייזט אויפן ארטיסט).

לאָלא — (גיט איטלעכן די האַנט, מיט אַ שמייכל צום אַקטיאָר) מיט דעם סעניאָר בין איך באַקאַנט, א יאָ, וואָלאָדיאַ?

דירעקטאָר — זייט מיר ווילקאָמען הארציק, סעניאָריטאַ לאָלאַ. (העלפט איר אויסטאָן דעם מאַנטל, דאָס היטעלע, ווייזט איר אָן אויפן סאָפאַ).

אלע — (אלע זעצן זיך ארום איר, רויכערן ציגאַרעטלעך, לאָלאַ רויכערט אויך, קוקט זיך ארום).

ל אָ ל אַ — אַ שײנע רעדאַקציע בײ אײך, שײנע בילדער. (גײט צו צו הירשבײנס בילד) זעט נאָר, הירשבײן, זײן קוק, אזוי מילד, אזוי װײך װי סאַמעט, און אזוי שרײבט ער, זײנע אַ פּיעסע איז אויך װײך, אנגענעם צו שפּילן.

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — און דעם (װײזט אָן אויף פּרצן) שפּילט איר אַמאָל?

ל אָ ל אַ — פּרצן? מען שפּילט אים זעלטן אין אײראָפּע, ער איז אַ ביסל האַרט און אויך פיל סודותדיק. הײנטיקע דראַמאַטורגן שרײבן אַפן.

ר ע ד אַ ק ט אָ ר — ריכטיק געזאָגט. אָט איז שלום אש. בײ אים, מיט דער גאַנצער מיאוסקײט אויף דער בינע, אין בית הזונות, זעט מען עס מיט אַלע מײדלעך, מיט דער מומען און מיטן פעטער.

ל אָ ל אַ — און אויך אַ ספר תורה מיטן רב אליהון מיט דער מויד צוזאַמען, איך שפּיל קײנמאָל ניט אין דער פּיעסע.

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — די בעסטע זאַך, װאָס אַש האָט געשאַפן פאַר דער בינע, מען האָט זי אין עטלעכע אײראָפּעאײשע שפּראַכן איבערזעצט.

ע מ פּ ר ע ס אַ ר — דאָרט װאו ס'האַנדלט זיך אין בית הזונות מיט מײדלעך, זײנען גוים די ערשטע בעלנים, און אידן האָבן עס אויך ניט פײנט.

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — די עמפּרעסאַרן פון טעאַטער, זײ לײגן דעם חותם אויף דער פּיעסע, װעלכע זײ געפעלט, מוז מען זאָגן, אז עס איז גוט...

ד י ר ע ק ט אָ ר — לאָז צורו מיט דער ליטעראַטור, די בײדע קענען זיך נאָך באַלד צעװערטלען. נאָמיר בעסער בעטן די סעניאָריטאַ, זי זאָל אונז בעסער מכבד זײן מיט איר שײנער שטימע, אזוי שטי-לינקערהײט, אביסעלע.

ל אָ ל אַ — װאָס זאָל איך אײך זינגען? ערשט פריער, װען מיר זײנען געשטאַנען נעבן אײער דירעקציע, האָב איך געהערט עמעצן זינגען, אַן אַלטע ליד. װאָס מײן מאַמע פלעגט מיט אונז קלײנערהײט זינ-גען. װען מײן מאַמע איז ניט אזוי װײט, װאָלט איך געשװאוירן, אז מײן מאַמע האָט דאָס בײ אײך געזונגען, עפּעס אזוי װי איר קול האָב איך געהערט.

ד י ר ע ק ט אָ ר — אײער מאַמע? אײער מאַמע זינגט אויך?

ל אָ ל אַ — זי זינגט זײער שײן, מיר קומען אַרוים פון מוזיקער, חזנים. װער האָט דאָס בײ אײך אזוי שײן געזונגען?

ע מ פּ ר ע ס אַ ר — איך האָב גאָר ניט געהערט, די מוזע זינגט בײ אײך, סעניאָריטאַ, אומעטום הערט איר מוזיק, טײערע לאָלאַ...

ל א ל אַ — מעגלעך ס'האָט זיך מיר געדאַכט, איך האָב דאַכט זיך גע־
הערט אָט דאָס לידל (זי נעמט זינגען אַ פּאָר סטראָפן פון דעם לידל,
וואָס דער חזן האָט געזונגען).

אַ ל ע — (קוקן זיך איבער, אַפּלאָדירן).

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — (גיט אַ דריי דעם אַרטיסט צו זיך) הערסט, קאָ־
מעדיאַנט! מיין השערה שווימט אַרויף! איך וועל דערגיין.

אַ ק ט י אָ ר — וואָס שווימט אַרויף! לומפּ וואָס דו ביסט! נעם דערגיי!
דערלאַנגט אים אַ פּאַטש).

אַ ל ע — (צום אַקטיאָר, שרייען) סקאַנדאַל, סקאַנדאַל!

ד י ר ע ק ט אָ ר — (קלינגט מיטן גלעקל).

פּ אָ ר ה אַ נ ג

## צווייטער אקט

### סצענע: אין קאפע־האטעל ביים סיביראק

(א לאנגער צימער, די ווענט פון שפיגל, ארום טישלעך, בענקלעך. רעכטס דער בופעט, דער טעלעפאן. לינקס — טירן אין נאך צימערן אריין, איין טיר אַ ברייטע גייט אין גאַס אריין. אין הינטערגרונט אַ סאַלאָן מיט געבעט מעבל, אין א זייט טרעפלעך, וואס פירן אין אויבערשטן עטאזש, וואו עס קוואַר־טירן די אַקטיאָרן).

דער סיביראק.— (ווען עס עפנט זיך די סצענע, שטייט ער אונטער דער סטויקע, אָנגעטון אין ווייסן, מיט אַ גראָבן ציגאַר אין מויל, לאָזט רויך און רעדט אריבער צו איינעם, וואס זיצט ביי אַ טישל און טרינקט קאַפע; צוויי קעלנער גייען אום מיט די האַנטוכער אויפן אַקסל, באדינען אַ פּאָר אַנדערע מענטשן, ביי די טישלעך הערט זיך אַלע מאָל אויסרופן: מאַסאָ! ס׳לויפט אריין אַ שיק־אינגל פון טעאטער מיט א פּאַק בלויע פּאַפּירן אונטערן אָרעם און שטופּט זיי יעדן אין האַנט אַריין, לייגט אויף די טישלעך און זינגט אויס:)

שיק־אינגל — אַ פּרעמיערע פון א הִיגן שרייבער אין טעאַטער „פּאריז״!

פרעמדער — (ער רעדט שטיל מיטן סיביראק, גיט פּלוצים א געשריי:) מאַסאָ! א סאָדא בעלגראַנאָ! (צום סיביראק) הייסט עס וועט היינט ביינאַכט גאַנץ פריילעך זיין אין קאַפע?

קעלנער — (דערלאַנגט דאָס פלעשל) אוודאי פריילעך! די חברה קינסט־לער, אז זיי מאכן אָן אָוונט!

פרעמדער — אָבער די חברה זיינען דאָך קבצנים, וואו נעמען זיי דאָס די ממתקים צו פּראַוועון אַ ליטעראַרישע הוליאַנקע?

סיביראק — דעם יום טוב מאַכט פאַר זיי דער דירעקטאָר פון דער „פאָלקס־צייטונג״, ער צאָלט דעם לונטש, א ליטעראַרישן לונטש הייסט עס, ס׳איז אזא מין מאַסקאַראַדן פאַרווײלונג, פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער צייטונג, געשעפט, איר פאַרשטייט?

פרעמדער — הומבּ! אזוי? אינטערעסאַנט. ווען הויבט זיך עס אָן? ארום עלף? מ׳דאַרף זיך אריינכאַפּן...

קעלנער — ס׳וועט היבשלעך פריילעך זיין, דער גאַנצער פּערסאָנאַל פון דער צייטונג, אַלע שרייבער, אַקטיאָרן, אַקטריסעס, היינט די טע־

אטער־מייז... די חברה אויף יענעמס קעשענע קענען שוין איינמאָל געבן א לעב! ס'וועט זיין וואָס צו הערן און זען, איר מעגט ארייגקומען, סעניאָר!

**פרעמדער** — (באַצאָלט, גוט טרינקגעלט, גיט א שאָקל מיטן קאָפּ צום סיביראַק, אָפּ).

אויפטריט דירעקטאָר, חזנטע, פּרעזידענט פון קולטור־פאריין

**סיביראַק** — פידעל! פיר אריין די הערן אין סאַלאָן אריין.

**חזנטע** — ניין, ניין, מ'דאַרף ניט. אדאַ וועלן מיר אויף א רגע זיצן, כאַפּן עפּעס אין מויל אריין, און ארויף גיין אויבן, איך בין שרעקלעך מיד... (זעצן זיך ביי א טישל, דער דירעקטאָר געבן דער חזנטע דער צווייטער אַקעגן).

**סיביראַק** — מישאַ! לויף ארויף, רוים צו דער חזנטעס צימער (דער משרת לויפט אויף די טרעפּ).

**דירעקטאָר** — מיד, לאהלע, זיך אָנגעהאָרעוועט, אָבער כדאי טייערע, כ'לעבן כדאי, אזאַ הייסט קאָנצערט, מירן דיך קרוינען אלס שטערן, אלס ליכטיקער שטערן פאר דער בינע, מעגסט זיך אויף מיר פארלאָזן, טייערע (נעמט דעם פאָכער פון איר האַנט, פאָכט איבער איר פּנים).

**פּרעזידענט** — איר זיינט אויף דו מיט דער קינסטלערין? וואָס פאר א גליק!

**דירעקטאָר** — איך קען זי נאָך פאר א קליין מיידעלע, מיר זיינען פון איין שטאָט. איכל אַלעס טון פאר אירט וועגן. ע, מאַסאָ! א ווינער שניצל מיט, מיט, מיט... (דער מאַסאָ קומט צו, דרייט דעם האנטוך, וואַרט).

**פּרעזידענט** — לאָזט צורו, פאניע דירעקטאָר, לאָזט מיר דעם כבוד צו טראַקטירן די שיינע חזנטע, די נאַכט איז גרויס, אירט נאָך מיד ווערן, כי, כי, כי! וואָס טרינקט איר עפּעס, אונזער ליכטיקער שטערן? אפשר הייסן געבן א פלאַש שאַמפּאַן, זאָגט, שיינע חזנטע.

**חזנטע** — זאָל זיין זיסן ליקאָר און קאַפע, איכל גאָר ניט עסן, איך בין מיד, אָבער הערט אויף מיט אייערע אַמעריקאַנער קאָמפּלימענטן, ביי אונז רופט מען זיי בלאָף, בלאָף כא, כא, כא!

**קעלנער** — (טראָגט צו דעם ליקאָר).

**דירעקטאָר** — ס'איז ניט קיין בלאָף, ניט קיין פאלשע קאָמפּלימענטן, שיינע לאהלע, ס'איז דער ריכטיקער אמת, דיין קאָנצערט איז א סורפּריז פאר דער שטאָט, מיר האָבן נאָך אַזוינס ניט געהערט.

מיין בלאט „די פאלקס־צייטונג”, וואס וועט שפעטער מיט א שעה ארויס אין גאס, וועט די ריכטיקע אפשאצונג געבן אויף דעם, מעגסט זיך אויף מיר פארלאזן, לאהלע!

ח ז נ ט ע — סורפריז פאר דער שטאט? וואס פאה א שיינע רייכע קאמ־פלימענטן איר קענט עם דערלאנגען, וואס ווייסט די שטאט? אזא גרויסע שטאט, וואס ווייסט זי פון מיר מיט מיין קאנצערט?...

פ ר ע ז י ד ע נ ט — זאגט עס ניט, חזנטע, אונזערע מיטגלידער פון פאריין, וואס ציילן אין די טויזנטער, זיינען כמעט אלע געווען ביים קאנצערט, איינער דעם אנדערן ניט איבער, אייער נאמען קלינגט איצטער אין אלע טעלעפאנען פון שטאט, די עמפרעסארן פון די טעאטערן וועלן זיך איבער אייך רייסן. נעמט טרינקט, שיינע חזנטע. (ער דער־לאנגט איר דאס גלעזל, זיי טרינקען אלע דריי אויפן געזונט פון דער שיינער קאנצערטיסטן).

ח ז נ ט ע — די עמפרעסארן פון טעאטער זאגט איר? איינער, דער דארער, דער לאנגער איז געווען ביי מיר, גערעדט אזוי שמוציק, זיך בארימט וועגן דער שפאנישער מיידל, די פרימאדאנא, איך בין דער־שטוינט געווארן, מ'זאגט, אז זי איז טאקע...

ד י ר ע ק ט א ר — וואס איז זי וואס? ווייל דער עמפרעסאר?... עט (גיט א קרום מיטן מויל) איך זאג דיר, לאהלע, אז דיין שטערן האט אויפגעשיינט, און האט שוין פארטונקלט די שפאניערקע, זי וועט עס דערפילן נאך היינט ביינאכט, ווען זי וועט לייענען די שיינע רע־צענזיע פון דיין קאנצערט, זי וועט גענוג ליידן...

ח ז נ ט ע — (ציט צונויף דאס פיסקעלע) ליידן? און אז איך האב ביז אהער געליטן? און וויפיל לייד איך דורך איר, וואס איך אליין ווייס? (ביידע מענער ווינקען זיך איבער מיט די אויגן).

פ ר ע ז י ד ע נ ט — איצט מעגט איר פריילעך זיין, חזנטע, איר האט באזיגט א קאנקורענטקע, און מיר טוט באמת הנאה, וואס איך האב אויך א חלק דערין.

ח ז נ ט ע — (שטרעקט אויס איבערן טישל די האנט) א דאנק! א דאנק!

פ ר ע ז י ד ע נ ט — (נעמט איר גלעטן דאס הענטל, שמייכלט און רעדט ווייטער) ווען איך זאל זיך אליין קענען קושן וואלט איך זיך געקושט פאר דעם אויפטו, וואס איך האב איינגעלאדן די שיינע חזנטע מיט א קאנצערט פארן בענעפיט פונ'ם קולטור־אנשטאלט.

דירעקטאָר — הער אַ חכמה, ער וואָלט זיך אליין געקושט, איך וואָלט בעסער געקושט (ער בויגט צו דעם פּיסק און וויל אַ קוש טון דער חזנטע).

פּרעזידענט — (שטופּט אים אונטער דאָס גלעזל) נעמט טרינקט, טרינקט, פּאַניע דירעקטאָר, נאָמיר טרינקען אויפן טריאומף פון דער שיינער חזנטע.

דירעקטאָר — (קוקט אים אָן בייז), הומם! הומם!

חזנטע — כי, כי, כי! וואָס הומקעט איר, פּאַניע דירעקטאָר? איר ווילט קושן אַן אשת איש? און נאָך אין אַ קאַפע, אַ רשות הרבים?

פּרעזידענט — וואָס האָט איר געזאָגט, שיינע חזנטע? אַן אשת איש? אוי, אוי, איך האָלט עס ניט אויס (ער כאַפּט זיך ביים בויך). איז נאָך ביי אייך אין שטעטל פאַראַן דאָס מין אשת איש? אָ, אָ, אָ!

חזנטע — וואָס האָקעט איר? און וואָס האָט איר זיך ביים בויך געכאַפּט? און וואָס האָט איר געמיינט, אז מ'האָט שוין ניט חתונה אין שטעטל? אמעריקע? אָט האָב איך דאָך חתונה געהאַט מיט מיין חזן, מיט מיין מאַן! בין איך זיינע! אַן אשת איש...

פּרעזידענט — אַן אלטער פאַרשימלטער באַגריף, זיינע, זיינע! (גיט זיך אַ שטעל אויף און צעלאַזט ביידע הענט, גייט זיך דורך אויף דער בינע און רעדט): אַ מענטש, פון וואָס פאַר אַ געשלעכט ס'איז ניט איז, אַ מענטש, וואָס טראָגט דעם נאָמען מענטש, געהער צו זיך אַליין... אַ מענטש איז קיינמאָל ניט יענעמס... אַ בהמה קויפט מען, איז זי יענעמס בהמה, אָבער אַ מענטש? אַ מענטש? (רוקט דעם באַנד אויף זיך הין און צוריק, זעצט זיך צוריק אויפן בענקל).

דירעקטאָר — דו הערסט, לאהלע, מיין קליין שיין מיידעלע! — איך געדענק זי'דאָך פאַר אַ קינד — גערעכט, דער פּרעזידענט, פּאַ־לאַברא גערעכט! אָט דאָס זיינען דיבורים, קולטור, שכל, טוגנט, מאָ־דערן, און טאַקע פאַרנונפט, ווייל וואָס הייסט עפּעס יענעמס ווייב? אוועק מיט שקלאַפעריי! אַזיאַטסקע שימל, יעדער מענטש איז פריי, נישטאָ אין אַמעריקע יענעמס מענטש, אשת איש!

פּרעזידענט — אַ, ס'געפעלט אייך, פּאַניע דירעקטאָר, אונזער מאָ־דערנע קולטורעלע טוגנט? אונזערע הויכע אידעען? איר מעגט עס פאַרצייכענען פאַרן בלאַט. מיר שטרעבן צו באַפרייען, מאָדערניזירן די הייגטיקע פרוי, אראָפּנעמען פון איר די אַלטע פאַרהאַסטע קייטן,

וואָס פיר דרענגלעך מיט א שמאַטע און א גלעזל קידוש ביים רב אין האַנט, צי א חתונה,פארשריבן אין א גראָבן בוך ביי׳ם רעגיסטער אויפן טיש, ליגן אויף דער אָרעמער ארויף.

ח ז נ ׳ ט ע — (איראָניש) טאַקע הויכע אידעען, דורכגעזאַפּט מיט דער קולטורעלער פרייער אמעריקע. זיינען אייערע ווייבלעך אין דער היים צופרידן פון אייערע נאָבלע אידעען?

ד ר א מ א ט ו ר ג — (וואקסט אויס אונטער זייערע פּליִיצעס) א ריכטיקע שאלה געפרעגט, שיינע חזנטע. די ווייבלעך זייערע וואָלטן אפשר צופרידן געווען מיט דער פרייהייט, אָבער ניט זיי, די איידעלע קאַ־ ווואלירן. קוקט זיי נאָר אָן! א׳נו, וואָלט איך זיך א נעם געטון צו זייערע ווייבלעך? אוי וואָלטן זיי, אָט די הערן, געקוויטשעט... איי, וואָלטן זיי געקוויטשעט!

ד י ר ע ק ט אָ ר — (גיט זיך אַ כאַפּ פונ׳ם זיץ און נאָך אים דער פּרע־ זידענט) אָ, דער דראמאטורג! אומעטום וואקסט ער אויס, דער דראַ־ מאטורג, און אומעטום זעט ער דראמע... פּיש, פּיש, פּיש, מיר וואָלטן געקוויטשעט!

ח ז נ ט ע — (שטרעקט אויס די האַנט צום דראַמאַטורג) גוט געזאָגט, מיין ליבער דראמאַטורג! די פרייהייט ווילן זיי אויסנוצן אויף יענעמס ווייב, אָבער ווען עס קומט ביי דער אייגענער, כי, כי, כי! זיצט, הער דראמאַטורג, מאָסאָ!

ק ע ל נ ע ר — (בויגט זיך צום דראַמאַטורג) ען סעגידאַ! באַלד, די מינוט. (גייט ברענגען).

פּ ר ע ז י ד ע נ ט — איר באַליידיקט אונז, שיינע חזנטע, פּאַלאברא דע האָנאָר! איך בין ערנסט מיט דער אידעע, קוקט אויף מיין באַנד: „פּרעזידענט פון קולטור־ און טוגנט־פאריין” (ער ווייזט איר דעם גאָלדענעם באַנד). מיר, דער טוגנט־פאריין, ווילן די אבסאָלוטע פריי־ הייט פון דער פרוי (פּויזע). איר, הער דראַמאַטורג, מעגט פּרובירן דאָס וואָס איר זאָגט, גייט, פּראָבירט, וועלן מיר זען ווער עס וועט קוויטשען, איך צי איר...

ד ר א מ א ט ו ר ג — (זיפצט פון דער קאַפּע, שמייכלט) א חכם א איד! אז ער האָט א ווייב אין ארורה, שיקט ער מיך צו איר, לאָקש וואָס איר זיינט! האַלט אייך מיט איר, לאָז זי אייך אויסוואַלגערן א לאָקשן־קיגל...

חזנטע — (פליעסקעט אוים מיט די הענט) כי, כי, כי! א לאָקשן־קוגל! א לאָקשן־קוגל!

דראמאטורג — (כאַפּט א בלייפעדער פון קעשענע, שרייבט אויף אַ פּאָר סטראָפן און דעקלאַמירט): קאַוואַליערן, קוקט אייך נאָר אָן אין שפּיגל, אלטער בארשט אין א גרויען קריגל (ווייזט צום שפּיגל).

חזנטע — אוי, א שיינע ליד אין ´דער מינוט פאַרפאַסט. (זינגט): אוי, א לאָקשן־קוגל, אַלטער בארשט אין א גרויען קריגל...

דירעקטאָר — (לאָזט אַראָפּ דעם נאָז, קוקט בגנבה אינם שפּיגל) הער שוין אויף, לאהלע, דו זאָגסט אים נאָך. (טאַפּט זיך ביים פּנים, מאַכט א זשעסט פון א יונג בחורל). עס איז דאָ ניטאָ קיין אַלטער בארשט און ניט קיין גרויער קריגל, וואָס ער, ער, דער, דער, דער...

קעלנער — פּאַניע דירעקטאָר, מען רופט אייך צום טעלעפּאָן.

דירעקטאָר — מיט אייער פּערמיסאָ, סעניאָרעס. (גיט אַ קוק אין שפּיגל און גייט צו צום טעלעפאָן).

דראמאטורג — (זעצט זיך נעבן דער חזנטע, זי שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויף אים). אומזיסט זיין טאַפּן דעם שפּיגל, מער ווי גרויע האָר וועט ער ניט זען, זיין אמתן פּרצוף וועט ער זען אין מיין פּיעסע אין טעאַטער...

פּרעזידענט — איז עס אייער פּיעסע, וואָס ווערט געשפּילט מאָרגן אין טעאַטער „פּאריז"? עפּס רעשן דאָך די בלעטער מיט איר, זיי זאָגן א סך צו, די בלעטער. (פּויזע) וואָס האָט איר צום דירעקטאָר? גרויע האָר האָבן היינט יונגע מענטשן.

דראמאטורג — (זופּט די קאַווע) איך האָב מיט אים אַלטע חשבונות.

חזנטע — ווי הייסט די פּיעסע? א שאָד, וואָס איך נעם ניט קיין אָנטייל אין איר.

דראמאטורג — פאר אייך, שיינע חזנטע, האַלט איך אין שרייבן א נייע פּיעסע. איר וועט זיך נאָך זען ביי מיר אין טעאַטער, טייערע. די פּיעסע, וואָס מען שפּילט מאָרגן, איז געווידמעט די אַרענ-דאַטאָרס פון דער קולטור.

פּרעזידענט — א טשודנער נאָמען דאָס איז „די ארענדאַטאָרס פון דער ליטעראַטור". ווער זיינען זיי, די געלערנטע, וואָס האַלטן די ליטעראַטור אין ארענדע?

דראמאטורג — איך זאָג פון דער קולטור. די ארענדאַטאָרס פון דער קולטור. און וועגן געלערנטע, וואָס איר זאָגט, אפילו קיין סימן

ניט פון דעם! דער ארענדאַר פון קרעטשמע איז שטענדיק אַליין ניט קיין שיכור, ער קען אָפטמאָל גאָר ניט טרינקען, אָבער עקספּלאָאַטירן די שיכורים — דאָס קען ער גוט (ער ווייזט מיט דער האַנט אַהין צום טעלעפאָן, אוואו דער דירעקטאָר שטייט).

פּ ר ע ז י ד ע נ ט — אזוי, זיי מיינט איר? כי, כי, כי! מיינט איר אפשר מיך אויך? אַ שיינער נאָמען, אַ שטיק אמת; נו, און די עמפּרע־סאַריעס אויך ארענדאַטאָרס?

ד ר אַ מ אַ ט ו ר ג — די נפשות זיינען נאָך מער עקלהאַפט, זיי זיינען כבוד און געלטגייציק...

ח ז נ ט ע — און עפּעס נאָך...

פּ ר ע ז י ד ע נ ט — האָט איר ניט מורא פאַר די ארענדאַטאָרס פאַר זייער קריטיק? באַשמירט? הומס? זיי וועלן אייך ניט באַשמירן?

ד ר אַ מ אַ ט ו ר ג — (מיט אַ שמייכל) שמירן? וואָס הייסט דאָס? אַ בעל עגלה בין איך? שמירן דעם וואָגן?

פּ ר ע ז י ד ע נ ט — (פאררוויבערט אַ פאַפּיראָס, גיט זיי אויך צו פאַר־רויכערן, גלייכט אויס דעם באַנד) און אז ניט קיין וואָגן איז אַן אויטאָ, אַן עראָפּלאַן, אַ שיף, אַ סובמארין, אויף וועלכן וועג איר ווילט גיין, אין בויך פון ים, אין די וואָלקנס פון הימל, שמירן דאַרף מען... מיר שמירן אויך, יעדער קהלמאַן, פאַבריקאַנט, געשעפטסמאַן, אָן דעם שמירעכץ גייט עס ניט... ווילסט פאָרן? נעם, ברודער, שמיר...

ד ר אַ מ אַ ט ו ר ג — די ליטעראַטור, ביי איר געבוירן, פאַרצערט דאָס גאַנצע פעטס פון איר שאַפער, נישטאָ מיט וואָס צו שמירן, פריינט, מיר מוזן פאָרן אויף כוח פון טאַלאַנט.

ח ז נ ט ע — (נעמט אים ארום ביים האלז) אַן אמת געזאָגט, מיין ליבער דראַמאַטורג, דער טאַלאַנט מאַכט זיך מיט אייגענעם כוח אַ וועג צום טריאומף...

ד י ר ע ק ט אָ ר — (קומט אַן) גערעכט, די טאַלאַנטירטע חזנטע! זי טריאומפירט מיט אייגענעם כוח! זאָלן מיר טרינקען אויפן טריאומף פון דער שיינער חזנטע. ע, מאָסאָ! שאַמפּאַן!

אַ ל ע — (טרינקען לחיים).

## א ו י ס ט ר י ט מ ש ר ת

מ ש ר ת — (דאָס היטל מיט דער קאָלישקע פון דער ציטונג אין דער האַנט, אָנגעטון אַ בלויע בלוזע מיט אַ קאָלירטן רימענדל ביי די לענדן, קומט צו צום טיש מיט אַ פארצרהט פּנים).

ד י ר ע ק ט א ר — וואס ווילסטו זאגן, צאליק?

מ ש ר ת — אז זיי קריגן זיך איבער א טופליע פונ'ם שפאניער מיידל, לאזט מען אוים צו צאליקס קאפ. ביי וועמען דין איך עס, ביי אייך, באלעבאס, צי ביי זיי? ווער איז די פירמע אויפן היטל? (ווייזט דאס היטל).

ד י ר ע ק ט א ר — (שוין האלב שיכורלעך) מיין טייערער צאליק, מיין געטרייער צאליק...

מ ש ר ת — אוודאי בין איך געטריי, ווער היט די רעדאקציע פון די שלעפערס, די ליטעראטלעך? ווער גייט נאך דעם באלעבאס אין, אין, אין?!

ד י ר ע ק ט א ר — (עפנט די אויגן) גענוג געפלוידערט, צאליק! זאג וואס איז געוועזן, ווער האט דיר געטון, וואס ווילסטו?

מ ש ר ת — ס'איז געוועזן, זיי האבן זיך צעשלאגן, און איך האב אפ־געלייזט. פאר וואס, פאר וואס קומט עס מיר?

ד ר א מ א ט ו ר ג — ווער האט דיר געטון? פון וואנען קומסטו עס?

מ ש ר ת — פון טעאטער „פאריז״ קום איך, דער רעדאקטאר האט מיך געשיקט רופן יואלקין דעם רעצענזענט, מ'דארף אריינגעבן די קריטיקע פון דער חזנטעס קאנצערט אין בלאט, וואס ווערט איצט גע־שלאסן.

ד י ר ע ק ט א ר — דו הערסט, שיינע לאהלע, ס'וועט שוין זיין איינמאל א קריטיקע. איך האב אים שוין דורכן טעלעפאן פאראדנט... נעם, צאליק, מיין געטרייער מענטש, טרינק א גלעזל. (דערלאנגט אים א גלעזל).

מ ש ר ת — לחיים, צום געזונט פונ'ם באלעבאס מיטן גאנצן ליטעראַ־רישן אוונט, און א כאליערע אויפן חזן, זאל ער די כפרה ווערן, ווי ער גיט עס קלעפ.

פ ר ע ז י ד ע נ ט — וואס פלאפלט ער? ווי קומט ער מיט קלעפ מיטן חזן אין דערמיט?

מ ש ר ת — ניט אין דער מיט, הינטער דער טיר פון דער גארדעראבע פונ'ם שפאנישן מיידל, האבן זיי זיך ביידע, דער חזן מיט אונזער יואליקן, דער רעצענזענט, ביי די נארגלען געהאלטן. די סעניאריטא האט געמאכט א גוואלט, דער אקטיאר האט געשאטן מיט קלעפ, האב איך געוואלט יואלקען העלפן.

א ל ע — (שיסן אוים אין א געלעכטער) כי, כי, כי!

ח ז נ ט ע — (פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט) מיין מאַנדל, מיין מאַנדיאַקל מיט זיינע ליובקעס. איך ווייס, ער לויפט נאָך דער פּרי־מאַדאָנאַ. (טראָגט צו דאָס טיכל צו די אויגן).

ד י ר ע ק ט אָ ר — ווער פאַרשטומט, צאַליק, גענוג געפּלאַפּלט, מאַרש אין רעדאַקציע אַריין.

מ ש ר ת — וואָס הייסט איך זאָל גיין, ס'איז דאָך עפּעס יום טוב היינט ביי נאַכט? אונזער יום טוב, דער ליטעראַרישער קולטור־אָוונט... (מאַכט אַ גרימאַסע צו וויינען).

ד י ר ע ק ט אָ ר — דער יום טוב הויבט זיך ערשט אָן שפּעטער, נאָך האַלבע נאַכט, ווען מ'וועט קומען פון טעאַטער, ווען מ'וועט אַרויס־ענדיקן דאָס בלאַט. נאַ, נעם, טרינק אויס און גיי, באַלעמוטשע נישט.

ח ז נ ט ע — ווער פון אייך וויל מיך באַגלייטן אַהין, איכל אים אָפּ־שפּילן א חזנישן „היום הרת עולם", אז דער גאַנצער טעאַטער וועט אָפּציטערן.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט — באַרואיקט אייך, שיינע חזנטע, ווי קומט דאָס צו אייך? אייפער, אייפער, אייפער, ס'איז ניט מאָדערן, ס'איז ניט קיין טוגנט. (טאַפּט זיך ביים באַנד). מיר לעבן אין א פרייער צייט און אין א פרייער מדינה...

ח ז נ ט ע — אויף כפרות האָב איך באַדאַרפט די פרייע מדינה, דער מוזשיק, זיין שוואָגער פון קאָלאָניע, ער האָט אונז געבראַכט אַהער, איך האָב אים שוין געשריבן, דעם ערלעכן מוזשיק, ער זאָל אַריינקו־מען מאַכן אָן ענדע צווישן אונז, איך וויל ניט געטראָטן ווערן מיט די פיס. (טופּעט מיט די פיס) אויסבייטן מיך פאַר א ספרדישער שלעפּל? (ברעכט אויס אַזוי אַ געוויין, נעמט דעם דראַמאַטורג אונטערן אָרעם און לויפט אַרויף אויף די טרעפּ).

ד י ר ע ק ט אָ ר — נאַ, אָט האָסטו דיר! (דערלאַנגט צאַליקן א פּאַטש) זע, באָלוואַן, וואָס דו האָסט אָנגעאַרבעט! (נעמט אָן דעם משרת ביים טשופּרינע און וואַרפט אים אַרויס פון קאַפע).

פּ ר ע ז י ד ע נ ט — איר זיינט דאָס אביסל נערוועזיש, פּאַניע די־רעקטאָר, ווייל קערפּערלעכע שטראָף, פּאַטשן, איז ניט קולטורעל, ניט־מאָדערן, ניט טוגנט...

ד י ר ע ק ט אָ ר — מיין ליבער פּרעזידענט פון קולטור־פאַריין, אין דער ווילדקייט מוז מען עס נוצן; שטאַרקע מלוכות ווי גרויס־ברי־טאַניע האַלטן עס איצט נאָך אין דער מאָדע, אין פּאַלעסטינע שמייסן

זין די הלוצות אויפן הויכן... דיסציפלין איז די באַזע פון אונזער עקזיסטענץ... ווי פירט איר מיט זיי אין אייער פאַבריק? סעניאָר פרעזידענט, מען מוז, מען מוז!

פּרעזידענט — (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ) מיט אייניקע פאַרשוינען גיט זיך עס איין, אָבער וואָס טוט איר מיט אַזאַ אינדיווידואום? (ווייזט ארויף צו די טרעפּ) געכאַפּט די קאָרצערטיסטן און הלך...

דירעקטאָר — (גיט אַ קריץ מיט די ציין) ווער, דער שלעפּער, דער באָרוויסער דראַמאַטורג? ער מיינט, ער איז שוין אַ גרויסער, מאָרגן שפּילט מען זיין דראַמע, ער איז שוין זיכער מיט דערפאָלג? ווייל מיר האָבן אַ גוטע מיינונג געגעבן. קומט מיט, מיר אין רע-דאַקציע אריין (כאַפּט ארויס דעם זייגער) ס'איז נאָך דאָ צייט, דאָס בלאַט איז נאָך ניט אין מאַשין, איכ'ל אים הייסן געבן אַ צווייפל-האַפטן נאָטיץ אין דעם נומער, וואָס גייט איצט אַרויס. איר פאַר-שטייט? אריינוואַרפן אין ספק, מער נישט. וועט ער זיך שוין זען מיט דער באַבען, דער לייזיקער...

(דירעקטאָר, פּרעזידענט אָפּ)

סיביראַק — גיב אַכטונג, פידעל, איך האָב מורא, דער ליטעראַ-רישער אָוונט זאָל ניט זיין אַ סקאַנדאַליעזער, עפּעס האָט ער זיך אָנגעהויבן מיט פּעטש...

קעלנער — (ווישט דאָס געשיר) קיין פאָרכט, סעניאָר, פּאַטשן פּאַטשט דער (פאַרקאַטשעט די ארבל ווי צו פּאַטשן).

פּרעמ'דער — מאָסאָ! צוקער! שוין דריי מאָל איך רוף צוקער, צוקער!

קעלנער — ען סעגידאַ, סעניאָר! (לויפט ברענגט צוקער).

אויפטריט די זעצער

ערשטע דריי זעצער — (אין בלויע נייע בלוזעס מיט גאַרטלען).

אַנדערע דריי זעצער — (מיט שפּראַזשקעס אין קיילעכיקע היטלעך און ווייסע רעקלעך).

פערס'אָנאַל פון דער צייטונג — (קומט מיט ליאַרעם).

זעצער — (קאָמאַנדעוועט) גייט, חברה, ווייטער! אין סאַלאָן אַריין אויף די געבעטע שטולן, חברה!

סיביראַק — ניט פאַר דיר די געבעטע שטולן, מיין טייערער זעצער, דער באַלעבאָס האָט רעזערווירט דאָס פּלאַץ פאַר...

ז ע צ ע ר — אַ כּאַליערע אויף דיר מיטן באַלעבאָס און מיט אַלע זיינע פּאר... די עקספּלאָאַטאַטאָרס, די בלוט-זויגערס. נעמט, חברים, טיש־לעך, רוקט צענויף אדאָ נעבן דער סטויקע פון בופעט, וועלן מיר זיצן. (כאַפּט א טישל און גיט מיט דעם א זעץ, און ס'בלייבט ליגן צעשמעטערט).

אַ ל ע — (לאַכן).

ס י ב י ר א ק — דער שאָדן פונ'ם טישל וועט פארשריבן אינ'ם חשבון פונ'ם באַלעבאָס, ער צאָלט דעם לונטש, און וועט דעם שאָדן אויך צאָלן. ער וועט זיך שוין מיט דיר געווים רעכענען, מיין היימ־בלוטיקר זעצער. (פארצייכנט אויף פּאפּיר).

ז ע צ ע ר — ניט דיין קאָפּדאַרעניש, מיין קאַלטער סיביראַק, ס'וועט קומען א צייט אויף־דיר אויך, און אויך אויף אייך אַלע פּיאַווקעס, וואָס איר זיינט. חברים, אַנידערגעזעצט זיך! וואָס טרינקען מיר? (זעצן זיך אַלע ארום, איינער פּליעסקעט אוים).

א יי נ ע ר — מאָסאָ! (קעלנער גייט צו, שמייכלט, ווישט מיטן האַנטוך דאָס טישל און זאָגט אין דער שטיל):

ק ע ל נ ע'ר — געבענטשט זאָלסטו זיין, זעצער, הלוואי וואָלטן מיר אַלע געהאַט דעם מוט.

ז ע צ ע ר — אוועק דו מיט דיין קעלנערישער הניפה, די שאַנד־בייטש האָט נאָך דיין לייב ניט דערגרייכט... גיי ברענג קאפע.

ק ע ל נ ע ר — (גייט ברענגען קאַווע).

ז ע צ ע ר — (זינגט זיין ליד „דעם אידישן וואָרט בין איך געטריי").

א ל ע — (זינגען מיט).

ר ע ד א ק ט אָ ר — (אָנגעטון א צילינדער הוט מיט א פּראַק, ווייסע הענטשקעס, בלייבט שטיין אויף דער טיר, כאַפּט אראָפּ די ברילן, טוט זיי אויס, טוט זיי אָן, צעשמייכלט זיך נאַריש). גוטן אָוונט, קינ־דער! זאָל אייך וואויל באַקומען. זיינט איר אַלע דאָ? דער גאַנצער פּערסאָנאַל? (קוקט זיי ארום) אוואו איז צאַליק? אך דער אָרעמער!

ז ע צ ע ר — וואָס איז דען מיט'אים, עפּעס נייעס געשען?

1 - ע ר א ר ב ע ט ע ר — ניין, ניט קיין נייעס איז געשען, נאָר דאָס אַלטע ווי געווינלעך, דער באַלעבאָס האָט אים אָנגעפּאַטשט און דערנאָך א פינפערל אים געגעבן. ער האָט עס ערשט אפריער אין טאַזשער דערציילט.

2 - ע ר א ר ב ע ט ע ר — דערציילט? אליין דערציילט דער באָלוואַן?

3 ע ר  א ר ב ע ט ע ר — עך איז ניט אזא באַלוואַן ווי איר מיינט. ער איז אַן אומגליקלעכער ניט מער. ער האָט אַ קראַנקע מאַמע מיט דריי פּיצלעך קינדער יתומים, וואָס קוקן ארויס אויף זיין פאַרדינסט. ער מאַכט זיך אומיסטן פאַר אַ תם, לאָזט זיך שלאָגן פון דעם נערוועאישן דירעקטאָר, אַבי אַרויסצובאַקומען די פּאָר פּעזעס פאַר־גיטיקונג...

ז ע צ ע ר — אזא מין פּראָסטיטוציע, אזא מין שאַנד־געלט. פּע, ס'איבלט מיך ביים האַרץ! ע, מאָסאָ! ברענג אַ קאָניאַק!

ר ע ד אַ ק ט אָ ר — הערט, קינדער, מאַכט אייך ניט קאַליע די שטי־מונג, מיר האָבן היינטיקע נאַכט אַ ליטעראַרישן אָוונט, זאָלן מיר פריילעך זיין, דער אַרענדאַטאָר אונזערער צאָלט, זאָלן מיר געניסן.

ז ע צ ע ר — אַרענדאַטאָר רופט איר אים? וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט? וואָס אַרענדירט ער? אַ קרעטשמע? וואָס פאַרקויפט ער? בראַנפן? בעסער רופט אים שמייסער, וואָס טרייבט די פערד...

ר ע ד אַ ק ט אָ ר — ניט אזוי עקסטרעם, מיין ליבער זעצער, מיר זיינען חלילה ניט קיין פערד, אז עמעץ זאָל אונז שמייסן. אונזער דראַמאַ־טורג האָט זיי אַ נאָמען געגעבן „אַרענדאַטאָרס" און דאָס איז ריכ־טיק, ער איז בלויז אַן אַרענדאַטאָר, איינער פון די געציילטע אַרענ־דאַטאָרס פון דער ליטעראַטור, קולטור, די דאָזיקע וואָס האַלטן די קולטור, די ליטעראַטור, די קונסט די וויסנשאַפט אין אַרענדע.

ז ע צ ע ר — איז ווער דאַרף זיי? ווער הערט זיי?

ר ע ד אַ ק ט אָ ר — ווער ס'דאַרף זיי? מיר אַלע דאַרפן זיי, אַלע קומען מיר אָן אין דער קרעטשמע אַריין צום אַרענדאַטאָר טרינקען.

ז ע צ ע ר — (גיט אַ זעץ אין טיש אַריין).סם, כאָליערע טרינקען מיר!

ר ע ד אַ ק ט אָ ר — לאָז זיך אויסרעדן, אינגל; מיר זיינען ניט די איינציקע. גרויסע שרייבער, גאונים ליגן ביי זיי אונטערן קנאַפּל.

ז ע צ ע ר — איר ווילט זיך רעכטפאַרטיקן פאַר אייער קריכערישער נשמה, מיין ליבער רעדאַקטאָר, אָנשטאָט זיך רופן שקלאַף, רופט איר זיך שיכור.

ש ר יי ב ע ר — (גיט אַ גלעט אַרויף די טשופּרינע און אַ זעץ אין טיש). לאָז ריידן דעם רעדאַקטאָר, וואָס ווייסטו דערפון, זעצער?

ז ע צ ע ר — און דו, מיין ליבעך גרויסער שרייבער, דו ווייסט יאָ? סך הכל אַרבעטסטו. דאָך מיט דער שער אין דער רעדאַקציע, שניידסט

אוים פון פרעמדע בלעטער, וואו אן אבסורד און פעפערסט עס צו מיט לאָקאלע אינטריגעס, ווי דער באלעבאָס דיקטירט דיר.

רעדאַקטאָר — קריגט אייך ניט, קינדער, הערט מיך אוים: ס'איז נאָך קיינמאָל אין דער ליטעראַרישער וועלט ניט געווען אזא מין הפקרות, ציניזם, חוצפה נידערטרעכטיקייט, ווי איצט אין אונזער צייט; די ארענדאַטאָרס האָבן ארויפגעלייגט זייער גראָבע יד אויף דער גאַנצער קולטור, דער דירעקטאָר פון דער צייטונג, דער עמפּרע־סאר פון טעאַטער, דער פּרעזידענט פון דער שולע, דער פארלעגער פון בוך, האָבן די עזה צו פאָדערן פונ'ם שרייבער, פונ'ם ארטיסט צו מאַכן זייער מיינונג, זייער נידעריקן געשמאַק פאר א טוגנט און אמת... און דער שרייבער, דער קינסטלער, דער לערער, עקסטרע וואָס די נויט, איז נאָך מערער דער אינסטינקט זיינער, דער שעפּע־רישער גייסט, דאָס שיכרות, וואָס ליגט אין אים, אין זיין בלוט, צווינגט אים מכניע צו זיין זיך פאר דעם ארענדאַטאָר. ער שאַפט, ווייל ער מוז שאַפן, ער שרייבט, ווייל ער מוז שרייבן און מוז אָנקו־מען מיט דעם צו זיי, און זיי ווערן שוין באלעבאַטים, איזדיעקעווען זיך איבער דער אידעאלער ארבעט; שניידן זיי צו נאָך זייער געשעפטס־געשמאַק, און דו קענסט דיר גאָר ניט העלפן. דער טרינקער מוז שיכורן און דער קרעטשמאַר, דער כיטרער ארענדאַטאָר, נוצט אים אוים.

אַרבעטער — ווי איר זעט מיך לעבן, אז ס'איז אמת ווי דער רע־דאַקטאָר זאָגט. איך אליין האָב איינמאָל געטראָפן שמעונען, דעם גלאַוונעם שרייבער, מיין אינטימען חבר, רייסן זיך ביי דער טשופּ־רינע און וויינען פאַר כעס. — זע שליאַמיקע—זאָגט ער צו מיר—וואָס איך מוז טוען, שרייבן אַזאַ ליגן, אזא אומרעפּט, ווייל דער ארויס־געבער מיטן פארלעגער ווילן אזוי, אוועקהרגענען א קאָנקורענט, ס'לוינט זיי דאָס צום געשעפט...

רעצענזענט — (גיט אן עפּן די טיר, בלייבט שטיין 'א רגע, פליעס־קעט אוים מיט די הענט) א גליק בנאמנות! דער גאנצער פּערסאָנאַל פון דער צייטונג! שוין פארנומען דעם יום טוב? ס'איז נאָך פרי, דער לונטיש הייבט זיך ערשט אָן נאָכן טעאַטער, ווער וועט צאָלן פארן איצטיקן טרינק?

זעצער — נעענטער קום, יואליק. וואָס שטייסטו דאָרט? קום אהער, איך צאָל, מירן טרינקען אַ קאָפּע פאר אייגנס. דאָ איז נישטאָ וואָס

צו רעצענזירן, קריטיקירן, ווילסט דאָך אַ קאָפּע, וואָס? (קומט צו, גיט יעדן די האַנט).

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — מיין טייערער זעצער, האָסט פאַר מיר קיין מורא ניט, ווייל דו קענסטדיינזאַרבעט. הלוואי וואָלטן עס אַנדערע זייער פאַך אַזוי געקענט... (וואַרפט אַ קוק צום ערשטן שרייבער און שמייכלט).

ש ר יי ב ע ר — (באַמערקט דעם שמייכל) זאָג מיר נאַר, יואַליק, ווער האָט דיר געגעבן דאָס רעכט צו קריטיקירן אַנדערע? האָסט אַמאָל אַ קלער געטאָן דערין?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — געוויס האָב איך עס אין זינען, עפּעס אַזוי פּשוט, נעמט מען זיך רויען אין יענעמס מיסט?

ש ר יי ב ע ר — מיסט? מיסט איז ביי דיר די ליטעראַטור?

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — און וואָס איז זי ביי דיר? זאָג מיר נאַר, נאָך וואָס שרייבסטו? וואָס פאַר אַ צוועק, ציל האָסטו דיר געשטעלט מיט דיין שרייבן? ווילסט לערנען די מענטשן? ווילסט דער לייענער זאָל ביי דיר עפּעס נאַשן? אַז דו גיסט אים גאָר נישט! קייעסט און קנעטעסט איבער אַלטע, וואָכעדיקע געדאַנקען, מיסט, אַלט מיסט, איבערגע־שאַפן אין אַ נייער כּלי...

ש ר יי ב ע ר — (גיט זיך אַ שטעל אויף) אַבסורד! אַבסורד! דו רעדסט פון שנאה, יואַליק, פון קנאה, ווייל דו ביסט ניט קיין שרייבער, דו ביסט טאַקע מער ניט, ווי אַ מיסט־פירער, ניט קיין שרייבער, ניט קיין דענקער. דיין כּוח איז זאָגן יאָ און ניין, אויף דעם, וואָס יענער האָט פאַררעדנקט, דו האָסט נאָך אַליין גאָר נישט געשאַפן, די ליטע־ראַטור איז אַ מתּנה פון גאָט, זי איז אונזער שטאָלץ. ווער האָט דיר געגעבן דאָס רעכט אַריינצוקריכן מיט די שטיוול אין יענעמס שאַפן? ווען דער סוד פון׳ם שאַפן איז פאַר דיר פרעמד... וואָס זאָגט איר, דאָקטאָר רעדאַקטאָר אונזערער? (טרייסלט דעם רעדאַקטאָר).

ר ע ד אַ ק ט אָ ר — (נעמט אַראָפּ דעם פּענסנע, טוט זי אָן, טוט זי אויס) איר דאַרפט זיך ניט קריגן, קינדער, איר זיינט ביידע גערעכט. אמת טאַקע, די ליטעראַטור איז אַ מתּנה פון גאָט; דער קינסטלער, דער ליטעראַט, ווערט געבוירן מיט דער מתּנה, און מעג זיין שטאָלץ מיט דער בכורה, וואָס ער האָט איבער אַנדערע מענטשן. אָבער אין אונזער מאָדערנער צייט, איז ליידער דער שרייבער ניט אין גאַנצן פריי זיך צו באַנוצן מיט דעם געשענקטן אוצר פון דער נאַטור, ער איז ניט קיין מושל איבער זיין נאַטירלעכן פאַרמעגן, די צייט פאַר־

קנעכטעט אים, און ער גיט ניט דאָס, וואָס ער דאַרף געבן. און דער־
פאַר קומט דער קריטיקער און געפינט דערין מיסט.

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — ניט ריכטיק, הער רעדאַקטאָר, ער גיט ניט, דער שרייבער, ווייל ער האָט ניט וואָס צו געבן. דער שרייבער היינט איז בלינד און טויב, ניט ער זעט, ניט ער פילט, ער פאַרמאָגט ניט קיין שנאה, קיין עקל צום מענטשנס חסרונות, און פילט ניט אין זיין נשמה קיין ווייטיק צו זיינע ליידן. ער שאַפט גאָר ניט, דער שריי־בער, ער פאַרקעט נאָר מיט אַ מיסט־לאָפּעטע אין אַלטע אָפּגענוצטע, אַמאָליקע גוטע מאכלים און נעמט גראָדע ארויס דעם אָפּפאַל פון זיי, דאָס מיסט.

ש ר יי ב ע ר — (מיט איראָניע) און דו, מיין איידעלער רעצענזענט, מוזט נאָך כסדר איבערטאַפּן, איבערקייען דאָס מיסט, און די קינסט־לער באַצאָלן דיר נאָך מיט פּעטש און קלעפּ, אָרעמער רעצענזענט!

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — מיך פּאַטשן? ס'וועט עס נאָך קיינער ניט דער־לעבן, עם הארץ וואָס דו ביסט!

ש ר יי ב ע ר — קיינער טאַקע ניט, אָבער דו יאָ, וואָלאָדיע האָט דיר גוט דערלאַנגט, און דער חזן, ערשט אונטער די קוליסן אין טעאַטער. ס'שטייען נאָך זיינע חזנישע פינגער אויף דיין גאָרגל (ווייזט אים צום האלז).

2 - ט ע ר ש ר יי ב ע ר — ע, די צוויי וועלן זיך באַלד צעפּאַטשן. גע־נוג חברה, מיט אייערע דיסקוסיעס. סיביראַק! הייסע וואורשטלעך, דערלאַנג יעדן איינעם אַ שאָפּ ביר און צוויי הייסע קעלבערנע וואורשטלעך, איך צאָל (ער שלעפּט ארויס אַ פּאַזיט אונזווייזט) איך האָב מזומן.

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — איך האָב אייך אין דער ערד מיט אייערע וואורשט־לעך. (נעמט דעם שטעקן און גייט ארויס).

ק ע ל נ ע ר — (מיט ביר, וואורשטלעך, מ'גיט אַ לעב, מ'טרינקט ביר און מ'פאַרבייסט מיט וואורשטלעך, און ווען דער קעלנער דערלאַנגט צום טיש, גיט אים דער אַ שנאַל אין נאָז, דער אַ קיצל, אַ ציפּ, און חברה זינגען ארבעטס־לידער, ווערן פריילעך).

ז ע צ ע ר — (נעמט אַ הייסע וואורשטל ביים שפּיץ, האַלט עס אין הויך, גייט אום פון איינעם צום צווייטן, טרייסלט מיטן וואורשטל ביי יענעם פאַרן נאָז, און רעדט אים איין אין אויער אריין עפּעס אַ נאָמען און רופט

אויס:) א נשמהלע, א בורזשואזע נשמהלע צאפּלט זיך דאָ, קוקט ווי ס'וואַרפט זיך.

אַ ל ע — (לאַכן און טרינקען).

1־ער אַ ר ב ע ט ע ר — זאָל אונז דער רעדאַקטאָר זאָגן אַ רעטש! לכבוד דעם ליטעראַרישן אָוונט.

2־ער אַ ר ב ע ט ע ר — אַ רעטש! זאָגט, הער רעדאַקטאָר, שפּעטער וועלן קומען די גראָבע בייבער און זיי וועלן נעמען די פּאַלאַבראַ, וועלן מיר גאָר ניט קאָנען זאָגן...

ר ע ד אַ ק ט אָ — (גייט זיך דורך אַ פּאָר מאָל די בינע, גלעט דעם לבנה קאָפּ. חברה שטיקן זיך פון געלעכטער. ער שטעלט זיך אָפּ אין מיטן צימער. זורשט די ברילן, טוט זיי אויס, טוט זיי אָן. און הויבט אָן מיט אַ זשעסט, פון אַ רעדנער) חברים פון אידישן וואָרט! דער באַלע־באָס פון דער באַליבטער, גרויסער, שיינער, נאָבעלער, אמתער „פאָלקס־צייטונג" וואָס האָט אַ טיראַזש פון פּערציק טויזנט נו־מערן אַ טאָג...

אַ ר ב ע ט ע ר — טאָקע?

ר ע ד אַ ק ט אָ ר — און וואָס פאַרמאָגט קאָרעספּאָנדאַלן אין אַלע מדינות פון דער ערד.

אַ ר ב ע ט ע ר — און פונ'ם הימל נישט?

ר ע ד אַ ק ט אָ ר — דער גרויסער דיפּלאָמאַט, ליטעראַט, קאָמערציאַנט, און שאַ, שאַ (קלאַפּט זיך אין שטערן).

אַ ר ב ע ט ע ר — און שאַכמאַטיסט, וואָס שפּילט מיטן דראַמאַטורג אַ שאַך־צוג איבער דער, איבער דער, דער, דער...

ז ע צ ע ר — (אַ טופּע מיט די פּיס) איבער דער שיינער חזנטע! (לאַכן)

ר ע ד אַ ק ט אָ ר — (שאָקלט מיטן קאָפּ) איך רעד ניט מער, איך וויל ניט הערן קיין לשון הרע; פון דעם ברונעם, וואָס מע טרינקט, זאָל זיין ביטער וואַסער, טאָר מען ניט שפּייען. איר נעמט מיך אויף חוזק? איר לאַכט מיך אויס? אוואו איז מיין שטעקן? מיין, מיין שטעקן, מיין שטעקן? (לויפט אום זוכן דעם שטעקן. ער כאַפּט אים אין האַנט) איך גיי אין טעאַטער אריין, איך וועל קומען אויפן יום טוב צוזאַמען מיט די ארטיסטן, מיט דעם באַלעבאָס, מיט די פּרעזידענטן פון די תלמיד תורות און אַלע קולטור־מענטשן, און דעמאָלט וועל איך רעדן, איר זיינט אינגלעך, צוציקעס און שוין!

ז ע צ ע ר — ער האָט רעכט! אויף מיין זעצערישן הן, אז ער האָט רעכט.

קומט קינדער, נאָמיר אַלע גיין אין טעאַטער אריין. נאָמיר ניט צו־שטיקלען דעם יום טוב, אין איינעם אַלע צוזאַמען וועלן מיר קומען.

א ל ע — בוענאָ! מירן גיין! (אָפּ)

ס י ב י ר א ק — (שאָקלט זיך נאָך מיטן קאָפּ): הוליע קבצן...

א ו י פ ט ר י ט ח ז ן, ח ז נ ט ע

(חזן רויט ווי פייער, חזנטע ווייס, בלייך. זיי פאַרנעמען זיך אין דעם סאַלאָן, זעצן זיך אין די שטולן).

ח ז ן — מאָסאָ! א ווערמוט מיט מאַנים! (צו דער חזנטע) און דו וואָס טרינקסט מיין טייערע?

ח ז נ ט ע — א קאַפּע מיט מילך (צום חזן מיט א שמייכל) הייסט עס, בין איך ביי דיר נאָך אַלץ טייער, האַ?

ח ז ן — אוודאי טייערע, א טייערן סקאַנדאַל מיר געמאַכט, מיך מביש געווען פאַר מיינע חברים.

ח ז נ ט ע — איז ווער איז שולדיק דערין? פאַר וואָס קריכסטו צו דער שלעפּל, צו דער שפּאַנירישער פויערטע, דער רעצענזענט זאָגט, אַז זי איז א פּראָסטע דאָרפס־מויד.

ח ז ן — אָבער וואָס אַרט דיך, וואָס איך טו?

ח ז נ ט ע — ניט ס'אַרט מיך, נאָר ס.דאַרט מיך אפילו, איך האָב עס ביי מיינע עלטערן ניט געזען, איכל דיר אַזעלכע סקאַנדאַלן מאַכן, אַז דו וועסט מוזן אַנטלויפן אין דער ערד אריין, איכל דיר די אויגן אויסדראַפּען. (שטעלט זיך אָן די נעגל).

ח ז ן — וואָס זשע, דו מיינסט איך בין דיין טאַטע יאָסע בער דער ליכטציער פונ'ם פּאַרדריפּעטן שטעטל מעכילפּאַליע, און דו ביסט דיין מאַמע ציפּקע קאָזאַק, וואָס קאָמאַנדעוועט מיט אים? דאָ איז אַמעריקע.

ח ז נ ט ע — קוק עס נאָר אָן, אַן אַמעריקאַנער געוואָרן! ווי לאַנג איז אין דעם ווי דו האָסט בייגל געטראָגן און געשריען דריי א קאָפּיקע! ע, בייגל, בייגל! דריי א קאָפּיקע! דאָס וועסטו זיי איינרעדן, אַז האָסט א קאָנסערוואַטאָריע געמאַכט, דו משורר'ל, קאַטשענדיל וואָס דו ביסט! בייגל טרעגער!

ח ז ן — אזוי דו מישסט אויף די היים? נאַ, ביסטו לאה די מויד, יאָסע בער ליכטציערס מויד, ניט קיין קאָנצערטיסטן, וואָס מאַכט חנדלעך צו...

ח ז נ ט ע — שטיל, איך צעהאק דיר דעם קאפ. (שטעלט זיך אויף, גיט א כאפ די פלאַש ווערמוט און זאמירעט זיך אויף אים).

ח ז ן — זעץ דיך אויף דיין פלאַץ, טייערע, שרעק ניט איבער די גענז, נאמיר זיך איינפארשטיין, זאג מיר וואס האסטו צו מיר? פאר וואס מאכסטו מיך סקאנדאלן?

ח ז נ ט ע — ווייל דו פארבייטסט מיך פאר א דעם שלעפעל, מיך פארבייטסטו, מיך? (קלאפט זיך אין הארץ) בין איך דען ניט שע־נער פון איר? קוק מיך אן (מאכט א חנדל, וויינט, ווישט די טרערן). קוק מיך אן!

ח ז ן — געווים ביסטו שיין, זאגן דאך פרעמדע מענטשן, אז דו ביסט שיין, וואס זשע ווילסטו? איך זאג דען דיר א דעה?...

ח ז נ ט ע — האסט מיר ניט וואס צו זאגן, ווייל איך בין דיר טריי.

ח ז ן — טריי? כי, כי, כי! נאך צוריק מיט דריי טויזנט יאר, איז דאס צווישן טויזנט ווייבער א זעלטנהייט געווען...

ח ז נ ט ע — בין איך איינע פון די טויזנט, איך בין דיר טריי און פאַ־דער פון דיר דאס זעלבע.

ח ז ן — דו פאדערסט? און וואס טוט מען מיט דעם? (טאפט זיך ביים הארץ) א פאר ברענענדע שטערן, אז זיי לייכטן אהין אריין? הער, לאהלע, איך האב דיך ליב, אבער איך האב זי אויך ליב, און אפשר...

ח ז נ ט ע — (מיט א געוויין) איכל משוגע ווערן, ער האט מיך ליב און האט זי ליב, ווי איז דאס מעגלעך? (כליפעט).

ח ז ן — (גייט אום הין און צוריק, ווארפט אום א שטול, שפאנט איבער איר). איך האב א ברייט הארץ, ס'איז דא פלאַץ פאר צוויי. לאהלע מיין טייערע! דו הערסט? פאר צוויי... איך בין נישט קיין פרוי מיט איר ענג הארץ, וואס ווען זי האט ליב א צווייטן, מוז פעלשן איר ערשטן... ס'איז דא פלאַץ פאר צוויי, פאר דריי, אויף מיין אידיש־קייט, איך זאג דיר דעם אמת, ס'איז דא! (קלאפט זיך ביים ברוסט).

ח ז נ ט ע — מאמע! מאמעניו מיינע, איכל עס ניט איבערטראגן, גע־וואלד איך שטארב! (פארווארפט דעם קאפ און חלשט).

ס י ב י ר א ק — פידעל, מישקע, גיכער וואסער! די חזנטע חלשט, גיכער, גיכער וואסער! (א געלויף).

ח ז ן — באאומרואיקט אייך ניט, ס'איז א טעאטער־סצענע פון א פיע־סע, וואס איר דראמאטורג האט פאר איר פארפאסט, זי מאכט די פראבע, איר פארשמייט, זי דארף חלשן אויף דר בינע און איך דארף

מיט אַ ברענענדע שוועבעלע איר אַפּסמאַליען די נאָז... (כאַפּט, צינדט אָן אַ שוועבעלע און טראָגט צו צו איר נאָז).

חזנטע — (גיט אים אַ שטופּ אָפּ מיט ביידע הענט).

סיביראַק — טפּוי זאָל עס ווערן, אזא מין סצענע.

חזן — דער גאנצער שמועס אונזערער איז דאָך אַ סצענע, וואָס דען האָט איר געמיינט, מיר קריגן זיך חלילה? מיר האָבן זיך דאָך אזוי ליב...

חזנטע — (פאלט ארויף דעם חזן אויפן האַלז, קושט אים). יאָ, יאָ, כ'האָב דיך ליב, אזוי שטארק ליב, ווארף אוועק די פּויערטע. איך האָב דיך אזוי ליב.

דירעקטאָר — (אַנגעטאָן אין פראַק, צילינדער, אַ ווייס וועסטל מיט ווייסע הענטשקעס, מיט אַ שטעקן אין האַנט). אַ שיין דער טיש! אַך שיין! הערסט סיביראַק! באלד נאָכן טעאַטער וועל איך קומען מיט אונזערע גדולים, די קולטור־טוער, דער הער יאקעלזאָן, פּרעזידענט פון תלמיד תורה וועט אויך זיין, זע, ס'זאָל זיין עה און פּיהּ... (דער־זעט דאָס פּאָרל ווי זיי קושן זיך) זעט נאָר, דער חזן מיט דער חזנטע קושן זיך גאָר? דאָ אין קאַפע ביי סיביראַק איז אַ פּלאַץ פאר מאַן און ווייב צו קושן זיך?

חזן — מאַן און ווייב, וואָס זשע איר מיינט ס'איז מאַן און ווייב מיט דער אַלטער טראַדיציע... מיט זיינען מאַן און פרוי, מיר האָבן געהאַט דאָ אַן איבעררייד צווישן זיך...

דירעקטאָר — הומם! מאַן און פרוי איז אַן איבעררייד דאָ אין קאַפּע?

חזנטע — נאָט אליין האָט אייך צוגעשיקט, פּאַניע דירעקטאָר, פאר אייך וועלן מיר זיך אויסטענהן, איר דארפט צווישן אונז אויסגע־פינען אַ וועג, איר זיינט דאָך אונזערער אַ פריינט.

דירעקטאָר — פאר מיר? גוט, קומט, אין דרויסן שטייט מיין קאָטש, ס'איז נאָך דאָ אביסל צייט ביזן טעאַטער. (קוקט אויפן זייגער) וועלן מיר זען.

מיר זען. (דירעקטאָר, חזן, חזנטע אָפּ).

סיביראַק — אַ שיין פּאָרל אויף מיין אידישקייט, פידעל, מישקע, נעמט רוימט צו דעם סאַלאָן. (ס'קלינגט אַ גלאָק) האַ? באלד שפּילט דער טעאַטער... איר הערט, מ'קלינגט שוין דאָרט!

אויפטריט אַרטיסט, פּרימאַדאָנאַ

(ביידע גרימירט אַלס ציגיינער. זעצן זיך אויף גיך אין אַ ווינקל וואנט פון דער סטויקע).

אַרטיסט — (קוקט אויפן האַנט זייגערל) ע, מאַסאַ! מיר האָבן צוועלף מינוט צייט, ביז צום דריטן קלונג פון דער בינע איז אַ צוועלף מי־נוט, קענסט מאַכן אַ קאָקטאַיל פאַר דער סעניאָריטאַ? נאָר פון פרישע אייער, נישט די, וואָס מ׳ברענגט פון קאַנאַדאַ!

סיביראַק — האָב קיין מורא נישט, וואָלאָדיע, דער סיביראַק היט דאָס געזונט פון זיינע אַרטיסטן, און אין איין סעקונדע איז עס גע־מאַכט.

אַרטיסט — מיר דערלאַנגט קאָניאַק, נאָר אַ שטאַרקן. (טרינקט און פּייפט).

פּרימאַדאָנאַ — דו ביסט פרייליך, וואָלאָדיע, און איך וואָלט גע־וואָלט ס׳זאָל שוין זיין נאָך דער פאָרשטעלונג, ס׳איז מיר נאָך קיינמאָל ניט געוועזן אַזוי שווער דאָס האַרץ פאַרן אַרויפגיין אויף דער בינע, ווי איצטיקס מאָל.

אַרטיסט — ס׳איז נערוועזיטעט, דו ביסט אַביסל צעטרודערט גע־וואָרן איבער די צוויי יאָלדן, וואָס האָבן זיך געטאַפּט ביי די נאָרג־לען הינטער דיין טיר. אַ געפערלעכער בחור, דער חזן, ער האָט אים שיעור ניט דערוואָרגן, דעם רעצענזענט. אָך, איז דאָס אַן עקלהאַפטע בריאה, דער חזן, איך קען אים ניט אָנקוקן.

פּרימאַדאָנאַ — און איך פאַרקערט, איך פיל צו אים אַזויפיל סימפּאַטיע, גלייך ווי ער וואָלט מיינער אַ ברודער זיין. איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס, ווען ער גיט מיר די האַנט, ווען ער קוקט מיר אין די אויגן אריין, פיל איך עפּעס אַזוי היימלעך קרובהשאַפט, מחיה אַנגענעם. די בלוטן טאַנצן אין מיר פאַר פרייד.

אַרטיסט — (לייגט אַרויף ביידע הענט אויף זיין בּנים, טראַכט אַביסל, און שיסט אויס מיט אַן אַקטיאָרסקע געלעכטער) כי, כי, כי! די פּרימאַ־דאָנע זיך איינגעליבט אין דעם קליינשטעטלדיקן חזן, כי, כי, כי!

פּרימאַדאָנאַ — הער אויף מיט די אַקטיאָרסקע שטיק, איך קען זיי ניט ליידן... אַרטיסטיש געלעכטערל...

אַרטיסט — אָבער איך בין אַן אַקטיאָר און דו ביסט אַן אַקטריסע.

פּרימאַדאָנאַ — הלוואי וואָלט איך עס ניט געוועזן געזען, דו האָסט

מיך געבראכט דערצו, וואָלט מיר דען ניט בעסער געווען אין דער היים בײַ מײַן מאַמען... (קרומט דאָס פּנים אויף צו וויינען) וואָס האָב איך פון דער בינע? טאָג און נאכט צרות פון די רייכע הולטייעס, די פּוסטע יונגען, וואָס דרייען זיך ארום טעאַטער... היינט די עמפּרע־סארן, די רעצענזענטן, ס'ווערט מיר נמאס דאָס לעבן, צו פירן ווײַ־בערישע פּאָליטיק מיט זיי. (נעמט דאָס טיכל צו די אויגן, כליפּעט).

א ר ט י ס ט —וואָס טוסטו, לאָלא! וואָס איז דיר? הער אויף וויינען, נעם טרינק אוים דעם קאָקטאַיל (קוקט אויפן זייגער) נאָך דריי מינוט פעלן, מיר דארפן ארויסגיין אויף די ברעטער. דו מוזט פריילעך זײַן, דו שפּילסט די פריילעכע ציגאַנקע.

פּ ר י מ אַ ד אָ נ א — פריילעך זיין? אזא יאָר אויף אזא פריילעכקייט, איך וואָלט געווען פריילעך אין דער היים.

א ר ט י ס ט — די ציג האָט דערשמעקט דאָס פעלה.

פּ ר י מ אַ ד אָ נ א — וואָס רעדסטו! וואָס עפּעס א ציג אין פעלד? איבל דיר די אויגן אויסדראפּען.

א ר ט י ס ט — זיי ניט נערוועאיש, טייערע! ס'איז א פראַזע אין מײַן ראָל וואָס איך שפּיל, ווי דער ציגיינער כאַפּט די ציג פון פעלד.

פּ ר י מ אַ ד אָ נ א —איך גיי ניט שפּילן, וואָלאָריע! איך פיל, איך וועל אַדורכפאַלן, איך בענק אהיים, איך וועל אנטלויפן אהיים, האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט... (ברעכט אוים אין א געוויין. ס'הערט זיך דריי קלינג).

א ר ט י ס ט — (שפּרינגט אויף) דו הערסט, לאָלא, די בינע רופט! קום, טייערע, קום אויף די ברעטער, דו מוזט, דו מוזט שפּילן, דו ביסט אַ אַקטריסע, פון זיך אליין קאָן מען ניט אַנטלויפן. (כאַפּט זי אויף די הענט און לויפט מיט איר ארוים).

פאָרהאַנג

## דריטער אקט

### דער לונטש

(די זעלבע דעקאָראַציע וואָס אין צווייטן אַקט)

(אַ גרויסער לאַנגער טיש, אין מיטן זאַל, פאַרשפּרייט מיט אַ ווייסן טישטוך אויפן טיש. אָנגעשטעלט פלעשער מיט ליקאָר, סאַנדוויטשעס און פאַרבייסעכץ. ווייט פון טיש, אויבן אָן, אַ באַצירטע בינע אויף צו האַלטן רעדעס. אין הינטערגרונט אין סאַלאָן מיט די געבעטע מעבל, ברענט אַ רויטער לאָמפּ, און אויפן קליינעם סאַלאָן־טישל ליגט אַ גיטאַרע. ווען ס'עפנט זיך די סצענע, זעט זיך דער סיביריאַק אָנגעטון אין פראַק, מיט גרויסע מאַנזשעטן ביי די אַרבל, ער גייט אום, רוקט די מאַנזשעטן אַרויף און אַראָפּ, באַטראַכט דעם טיש וואָס ביידע קעלנער רעגולירן. די קעלנער אויך אָנגעטון אין שוואַרצע פראַקן און אַ היטל מיט אַ קאַלישקע פון דער פירמע: „סיביראַק”... אויפן בופעט הענגט אַ שילדל מיט גרויסע אותיות: „האָטעל און קאַפע סיביריאַק”).

ס י ב י ר אַ ק — זע, פידעל, ס'זאָל זיין עפּ און פּיפּ, די גדולים, די פאַבריקאַנטן, די קהלה־צאַפּעס, די „אַמינאָס” פון דירעקטאָר וועלן היינט ביי אונז זיין, און דו מישקע ניב אכטונג אויף דער משקה. די ליטעראַטלעך, אַז זיי צעהוליען זיך...

ק ע ל נ ע ר — זייט רואיק, באַלעבאָס, מיר ווייסן ווי צו באַארבעטן אַ געזעלשאַפטלעכן לונטש.

ס י ב י ר אַ ק — נעם דו, מישקע, ניי אַרויף אויף דער בינע, גיב נאָר אַ פּרואוו, צי זי איז שטאַרק גענוג, ס'קען זיך נאָך פאַרגלוסטן עפּעס אַ שווערן, פעטן חזיר פון די שטאָט־צאַפּעס, אַרויפגיין ווערזען עפּעס אַ „פּאַלאַבראַ”, און זי איינברעכן...

מ י ש ק ע — (גייט אַרויף, פּרובירט מיט די פיס, קלאַפּט) מיר דאַכט, שטאַרק גענוג, קען אויסהאַלטן דעם גרעסטן שוויין פון דער געמיינדע.

ס י ב י ר אַ ק — מאַך באַוועגונג, וואַרף מיט די הענט, מיט די פיס, דו ווייסט דאָך ווי זיי טלומען זיך, ווען זיי ווערזען... (וואַרפט זיך ווי די רעדנער מיט די הענט און פיס און מאַכט גרימאַסן פון אַ רעדנער).

מ י ש ק ע — נאָך אַ פּאָר צוועקעס אין די זייטן וועט ניט שאַטן,

ס'זיינען דאָ גרויסע, פעטע חזרים. איכל לויפן ברעננען, א פּאָר צוועד־קעס און אריינקלאַפּן זיי אין די זייטן (גייט אריין אין א טיר).

ס י ב י ר א ק — גיי פידלער אויפן עטאַזש אין נומער דריי, און ברענג א רויטן טוך איבערצודעקן די בענע. די היינטיקע ליטעראטן האָבן ליב רויטס... (ס'קלינגט דער טעלעפאָן).

מ י ש ק ע — גוט. (אָפּ.

ס י ב י ר א ק — האַלאָ! ווער רעדט? אָ, איר, חזנטע, קאַמאַ לע וואַ? אַ וואָס? אייער שוואָגער פון קאַלאָניע? יאָ איך הער! וואָס? דאַרף קומען מיטן פּראָווינציאַל? גוט, גוט! פּונקט צוועלף קומט די באַן, איכל אים פאַרהאַלטן דאָ ביי מיר, וואָס? גוט! אויפן לונטש וועט איר זיך מיט אים זען. (הענגט אויף דאָס רערל).

מ י ש ק ע — (קומט מיט צוועקעס, קלאַפּט ביי דער בינע, ס'הערט זיך א פרויען שטימע זינגען עפּעס אַ ליד).

פ י ד ע ל — א אידישע ליד! דאָס זינגט די חזנטע אויבן אין איר צימער.

ס י ב י ר א ק — אַ גאָלדן פּיסקעלע ביי דער חזנטע.

ק ע ל נ ע ר — די קאַלאַנדריע זינגט ניט אומזיסט, דאָס באַווייזט זי זיך פאַרן דראַמאַטורג, ער איז דאָרט מיט איר אויבן, ס'וועט עפּעס אויסשפּרינגען צווישן זיי...

מ י ש ק ע — יאָ, דער דירעקטאָר וועט זיך מיט אים נאָך שלאָגן אין א דועל איבער איר...

ס י ב י ר א ק — (בייז) פידעל, די צונג!

ק ע ל נ ע ר — די צונג האָב איך געשטעלט אויפן אייז, סעניאָר!

ס י ב י ר א ק — (מיט א שמייכל) ווען דיין צונג שטייט אויף אייז, וואָלט זי ניט אַזוי לויז געווען. (גייט אריין אין אַ טיר).

## א ו י פ ט ר י ט ד ע ר ק א ל א נ י ס ט

ק א ל א נ י ס ט — (קומט מיט אַן אָפּגעריבענעם טשעמאָדאַן, ער איז אָנגעטאָן אין נייע שטיוול מיט סקריפּ, א רויט רעקל מיט א ווייסע פּאַטשיילע ביים האַלז, און די באָרד פאַרפּראָשעט מיט א ווייסן זאַמד פון פּאַמפּאַ וועג. ער שטעלט אַוועק ביי דער טיר דעם טשעמאָדאַן, גייט אום אַ הין־און צוריק, סקריפּעט מיט די שטיוול און רייבט זיך די הענט). עפּעס א שמחה אפּנים אין דעם האָטעל. (לייענט אויפן בופעט:) סי־ביראַק! סיביראַק! געטראָפן ווי איך בין א איד, געטראָפן! אדאָ איז־דאָס, א דאָ דאַרף זיך זיין. (ער שלעפּט ארויס די ליולקע, פאַררויכערט).

קעלנער — (באַטראַכט אים פון אַלע זייטן און זאָגט איבער זיינע רייד) אַ דאָרף זי זיין, וואָס פאר אַ זי זוכט איר, פעטער? ווער איז די זי, וואָס דאַרף דאָ זיין?

קאַלאַניסט — ווער זוכט אַ זי? טפוי זאָלסטו ווערן, נאַדיר נאָר אַ זי!... זיס ליגן אים אין קאָפּ... ס'איז דאָ ניט די אכסניה פונ'ם סיביראַק? (ער ווייזט אים צום בופעט און לייענט) סיביראַק! סיביראַק!

קעלנער — אכסאניע איז אַ שיקסע, און דער סיביראַק וועט באלד אריינקומען.

קאַלאַניסט — ווער רעדט מיט דיר פון אַ שיקסע, משרת־יונג וואָס דו ביסט? איך זאָג אכסניה, אכסניה, און ניט אַקסאניע, אַ שיק־סע, נאָר אכסניה — אן איינפאָר־הויז, וואו זי, מיין שוועגערין, האָט מיר אָנגעשריבן. איך בין אַ דאָרפס־איד, פארשטייסט?

## אויפטריט סיביראַק

סיביראַק — (שטעלט זיך אויף זיין פּלאַץ אונטער דער סטויקע).

קעלנער — (קראַצט זיך מיט דער סערוויזשעטע אין האלז) הום! אַ דאָרפס־איד, און ווילט אַ צימער ביי אונז אויבן אין עטאַזש, ס'וועט אביסל שווערלעך זיין, ביי אונז שטייען די ארטיסטן.

קאַלאַניסטן — און אז ארטיסטן איז וואָס? אזעלכע גרויסע גבירים זיינען זיי, די קאָמעדיאַנטן מאַבער? פישששש פישששש! איך קען דאנקען גאָט באַצאָלן!...

סיביראַק — (פון אונטער דער סטויקע) אַ אַ דאָס איז ער! נעם, פּידעלע, און טראָג ארויף דאָס רענצל אין נומער 13 און רוים צו דאָס צימער. (צום קאַלאַניסט) זיצט אַ רגע, ווי רופט מען אייך? רבי אפּ־רויקע? נאט אייך אָפּ שלום! אייער שוועגערין האָט געזאָגט, אז איר וועט קומען. נעמט טרינקט עפּעס אַ טיי, אַ קאַווע.

קאַלאַניסט — זי האָט געזאָגט, איכל קומען, נאַ, האָב איך דאָך געטראָפן. (שפאנט, סקריפּעט און רויכערט) גיט אַ קאַפע, נאָר ניט אין די פּיצינקעלעך, אַ היפּש טעפל קאפע גיט אהער.

סיביראַק — (שמייכלט) אַ גרויסע, אַ גרויסע טעפל, איך ווייס וואָס אַ קאַלאַניסט האָט ליב. מיר קומען אליין ארויס פון אַ קאַלאַניסטי־שער משפחה. ווי גייט עס עפּעס ביי אייך אין פעלד? ווי איז גע־ווען די קאָסעטשע? (קעלנער דערלאַנגט אים אַ טעפל קאפע און גייט אַרויין אין סאַלאָן וואָס אין הינטערגרונט.)

קאַלאַניסט — (טרינקט, קוקט אַלע מאָל הינטער זיך אין שפּיגל, מאַכט צורעכט די פּאַטשיילע ארום האַלז, רעדט צו זיך אַליין). אַ חתונה דאָ, צי וואָס פּאַר אַ הוליאַנקע. אַ גוטער סימן, גוט אָנגעקומען. (נעמט זיך ביי דער באָרד) טפּוי זאָל עס ווערן, ווען בין איך אזוי גרוי געוואָרן? אַלט, אַ זקן. (דרייט זיך אויס צו דער וואַנט, קוקט אין שפּיגל און קעמט מיט ביידע הענט די גרויע באָרד). אָ! ס'איז זאַמד! גרויע זאַמד! טפּוי זאָל עס ווערן! כּי, כּי, כּי! (פּראָשעט די באָרד און ווערט פרייליכער).

קעלנער — (קומט פון טרעפּ) קומט, ר' איד, אין אייער צימער, וועט איר זיך אָרומוואַשן.

קאַלאַניסט — וואָס איז ביי אייך פּאַר אַ שמחה? אַ חתונה צי וואָס?

קעלנער — ניין, ס'איז אַ ליטעראַרישער אָוונט, די גרעסטע וועלן זיין, איר מעגט אַראָפּקומען; איר האָט ביי אייך אין דאָרף אזוינס נאָך ניט געזען. (זיי גייען אַרויף אויף די טרעפּ).

**אויפטריט פּרימאַדאָנאַ**

פּרימאַדאָנאַ — (גייט נאָך אין סצענע קליידער, איז גרימירט פּאַר אַ ציגיינערטע).

חזן — (פירט די פּרימאַדאָנע אונטערן אָרעם).

רעצענזענט —

אַרטיסט —

(גייען נאָך פון הינטן).

סיביהאַק — (לויפט זיי אַנטקעגן און פירט זיי אַריין אין סאַלאָן אויף די געבעטע שטולן). באַהאַלטן פּאַר אייך דעם סאַלאָן, ס'ניאָריטאַ! ביטע, ביטע!

לאַלאַ — ווי גוט איר זיינט, איך דאַנק אייך שיין.

אַלע — (זעצן זיך אויף די שטולן).

קעלנער — (ברענגט צו אַ טאַץ מיט פאַרשידענע געטראַנקען).

רעצענזענט — (מיט אַ גלעזל אין האַנט) שיינע פּרימאַדאָנאַ, נעמט עפּעס אין מויל אריין, פאַרבייסט, איר זיינט ערשעפּט. אָ! אָבער פּראַכטפאָל! דער לעצטער אקט איז מייסטערהאַפט אַרויס, דער עולם איז מיט אָפענע מיילער געשטאַנען, געשלונגען אייער וואָרט, ווי די טרוקענע גראָזן שלינגען דעם טוי פון הימל...

חזן — הימליש, יאָ! איך האָב געזען, ווי אלע זיבן הימלען שפּאַלטן זיך און די מלאכים פון קונסט האַלטן אייך אויף אייערע פליגל, שיינע סעניאָריטאַ.

פּרימאַדאָנאַ — אַט דאָס הייסט אַ מבין אויף קונסט! איר הערט, רעצענזענט, איר מעגט זיך לערנען ביים חזן זאָגן אַ וואָרט (גלעט אים ביים באַק).

רעצענזענט — אַ חזן זאָגט פונם סידור, פון מלאכים. יחפזין, פון ונתנה תוקף. וואָס ווייס ער מער?

חזן — ס׳איז ניט פונ׳ם סידור, ס׳איז פונ׳ם האַרץ. צום אויער און אויג דאַרף דער קריטיקער פאַרמאָגן אויך האַרץ...

רעצענזענט — אַ נייער טעאַטער קריטיקער, גרינע חיה, וואָס ווייסטו?

אַרטיסט — זייַ וועלן זיך באַלד ווידער אַמאָל נעמען ביי די גאָרגלען, הערט אויף מיט אייער קריטיקע, וואָס האָט גאָר ניט קיין ווערט, דעה עמפּרעסאַר וועט שוין לויט דער הכנסה פון דער טעאַטער קאַסע איבערגעבן אין רעדאַקציע ווי אזוי אַפּצושאַצן...

רעצענזענט — איך האָב אָבער פּיינט, אַז אַ מענטש מישט זיך אין אַ זאַך, וואָס ער האָט גאָר ניט קיין אנונג דערין.

חזן — איך ווייס אָפּצושאַצן די אַרטיסטן בעסער פון דיר, אַט דאָ אין מיין האַרץ פאַרנעמט זי אַ פּאָרהייליקטן פּלאַץ.

רעצענזענט — (גיט זיך אַ הויב צו אים).

אַרטיסט — איך וויל ניט איר זאָלט זיך שלאָגן, יאָלדן וואָס איר זיינט! נאַ, דו קריטיקער, טרינק! און דו, חזן, מאַך קידוש. (ער שטופּט זיי אין מויל אריין די גלעזלעך).

רעצענזענט — ע, דו קאָמעדיאַנטשיק, ווילסט מיך פאַרשיכורן, דו מיינסט, איך האָב פאַרגעסן דיין פּראַסק אין באַק. נו, גוט, ס׳איז דאָך אַ ליטעראַרישער אָוונט, נאָמיר טרינקען, ניט דערמאַנען, וואָס ס׳איז געווען. גיב אַהער, לאָמיר זיך אָנשכורן. (טרינקט איין גלעזל נאָכן אַנדערן, אַלע טוען אים נאָך).

חזן — (טאַנצט אַ פריילעך חסידל, זינגט אליהו הנביא, אליהו התשבי, זיי פליעסקען צו).

פּרימאַדאָנאַ — טאַקע שיכור, דער קאָפּ איז מיר אויך שווער, אז זיי גיסן אין מיר. חזן, קומט נאָר אהער, איכ׳ל זיך דאָ צושפּארן נעבן אייער ברוסט, איר האָט אַ שטאַרקע ברוסט, דער קאָפּ אזוי שווער...

ח ז ן — אַך, אָך, אָך! אויף אייער ריכטיקן פּלאַץ. (לאָזט אָנשפּארן איר־קאָפּ אויף זיין אקסל).

א ר ט י ס ט — לאָמיר זי איינשלעפן, מיין טייערע ספּרדיע, מיט אַ ליד וועלן מיר זי איינשלעפן. (ווארפט אריבער דעם ציגיינער שאַל פון דער אַקטריסע איבערן חזן, און זיי זינגען אין דער שטיל דאָס ליד „שלאָף מיין קינד". ס'ווערט שטיל, טונקל אויף דער בינע, די פּרימאַ־דאָנאַ זינגט פון שלאָף):

פ ר י מ אַ ד אָ נ אַ —

בענקען בענק איך נאָך מיין היים און פעלד,
נאָך מיינע געזונטע חברים מיט די מאָזאָליע הענט.
איר אלע דאָ זיינט צעפּרעסן און צעפּוילט,
קראַנק, פּארפּעסטעט, ביז אין דער זיבעטער הויט.
אייער חניפה און אָפּלאָזן פאַלש ווי דער ווינט,
איכ'ל גיין אַהיים און מיר ווערן צוריק דעה מאַמעס קינד.

ק אָ ל אָ נ י ס ט — (קומט אַראָפּ אַן אָפּגעוואַשענער, דערהערט זינגען, שטערקט דעם האַלז אהין צום סאַלאָן און פרעגט ביים סיביראק): ווער זיינען זיי דאָרט, קאָמעדיאַנטן? ציגיינער? אַך, זינגען זיי שיין! עס ציט עפּעס אזוי דאָס האַרץ. ווער איז דאָס קול? (זעצט זיך ביים עק טיש, פאררוּיכערט די ליולקע. ס'עפנט זיך מיט רעש די טיר און דער פערסאָנאַל פון דער ציטונג רייסט זיך מיט שטורעם אריין).

א ל ע — (זעצן זיך ארום טיש, נעמען סאַנדוויטשעס און הויבן אָן קייען און טרינקען, פאררויכערן ציגאַרן און ווערן פרייליך).

ד ר אָ מ אַ ט ו ר ג — (אויף דער טיר) אָט איצט הויבט זיך אָן דער יום טוב! זאָל אייך וואויל באַקומען, חברים! וואו איז דער מאַכער, דער באַלעבאָס? היינט, קינדער, מעגט איר אים אריינזאָגן, אריינ־צימבלען, אריינקיבעצן . . .

ק אָ ל אָ נ י ס ט — (דערזעט דעם דראַמאַטורג, גיט זיך אַ הויב אויף פון פּלאַץ). אָ, רבי, רבי, רבי! זייער גוט, וואָס איך האָב אייך דאָ גע־טראָפן, רבי, רבי, רבי! פון אייך וועל איך וויסן (נעמט אים אַרום).

ד ר אַ מ אַ ט ו ר ג — אָ, רבי אפרויקע! ווען זיינט איר געקומען? (פּויזע) אוודאי וועט איר וויסן, איך האָב געוואוסט איר דאַרפט קומען, און אויך נאָך וואָס איר זיינט געקומען. נאַט אייך אָפּ שלום עליכם. זיצט אויף אַ רגע, טרינקט דערווייל עפּעס, טרינקט, ס'איז גוט באַצאָלט.

(דערלאַנגט איס א גלעזל) איכל נאָר א קוק געבן צו די ציניינער דאָ אין סאלאָן, קום איך באַלד צו אייך און (ער לויפט אריין אין סאַלאָן).

א ל ע — (קוקן איס נאָך, עס ווערט שטיל).

ד ר א מ א ט ו ר ג — (גייט צו, דעקט אָפּ דעם חזן דאָס פּנים, רייבט איין האַנט אין דער אַנדערער, מאַנצט אונטער). אויף מיין ערן-וואָרט, א שיינער איינפאל! א טייערער שטאָף פאר א דראמע. הער בעל תפילה האָט ליב די פרימאַדאָנא, דער ארטיסט, דער רעצענזענט שלינגען די סלינע, שיכורן... איצט פעלט נאָך ווער ס׳זאָל זיך איינליבן אין דער בעל תפילהכע...

ח ז ן — (דרייט אוים דעם קאָפּ) גייט, גייט, פריינט, פרובירט אייך ביי דער חזנטע, איכל ניט שטערן, איך בין זי אייך מוחל...

א ר ט י ס ט — (הויבט זיך אויף און פאלט צוריק) ע, דו שרייבער! דראַמאטורג, קוק, זי שלאָפט נאָר די שפאניערקע? וואָס טוסטו, לאַלא? דו מיינסט, דו ביסט אין טעאטער, דו שפּילסט דראמע? דאָ איז א קאפע, ניט קיין טעאטער. „ע דובינושקא אוכניאָם”...

פ ר י מ א ד א נ א — (כאַפּט אויף דאָס ליד, זיי זינגען אלע איניינעם אין „דובינושקא”).

א ר ט י ס ט — (טאַנצט א קאָזאצקע).

ד ר א מ א ט ו ר ג — (שאָקלט מיטן קאָפּ) פשוט זיך אָנגעשכורט! (לאָזט זיי איבער, גייט צו צום קאָלאָניסט) וואָס זשע מאכט איר, רבי אפרויקע? איר זעט א ליטעראַרישן אָוונט ביי אונז, ווי געפעלט עס אייך? (פויזע) איר זעט אוים גאַנץ גוט, רבי אפרויקע, נייע שטיוול? איז שוין פאראן א שוסטער אין קאָלאָניע? (קוקט אראָפּ צו די שטיוול).

ק אָ ל אָ נ י ס ט — (ציט ארויף די כאַליאַווע) יאָ, געקומען א יונגער שוסטער, א באַלשעוויק, א יונג א בריה, ארבעט אויסגעצייכנט. דו זעסט... (ער גייט זיך דורך מיט די שטיוול) דו נעם זיי נאָר אָן, גיב א טאפּ. ווייך, אויסגעשמירט מיט פוטער, מעגסט א שמעק טאָן...
(ער הויבט אויף דעם שטיוול צו זיין נאָז)

ד ר א מ א ט ו ר ג — מיט פוטער געשמירט די שטיוול? וואָס זשע, ס׳האָט גאָר ניט די ווערט די פוטער ביי אייך?

ק אָ ל אָ נ י ס ט — א מהומה אויף אייערע שטאָטישע מאשעניקעס מיט זייערע פרייזן, וואָס זיי צאָלן; אז פאר ברויט, פאר ווייץ צאָלן זיי צוויי פּופּציק די הונדערט קילאָ, איז פוטער נעמען זיי צו גאָר בחינם.

אלע — (שטעלן זיך ארום אים, הערן זיך איין, שושקען זיך און לאכן אין דער שטיל).

קאַלאַניסט — אַ לעבעדיקע חברה דאָס איז? וואָס טוט איר דאָ, יונגען? אָך, ווען איך האָב ביי זיך אזא חברה.

דראמאטורג — וואָס וואָלט איר געטאָן מיט אזא גענזינדל, רבי אפרויקע? זיי טויגן צו גאָר ניט, דאָס איז פּרעסערס, שרייבערס, דרו־קערס, לידל־מאַכערס, קאָמעדיאַנטשיקעס, ווי איר רופט זיי, אויף כפּרות דאַרפט איר זיי.

קאַלאַניסט — אויף כפּרות האָב איך גענוג הענער, ווייסע „קאָ־טאלאנעס", אזוי ווי די ווייסע בערן. און זיי (ווייזט אָן מיט דער לינקע אויף דער חברה) וואָלט איך אריינגעשטעלט אין מאַיס, איך האָב א גרויסן לאַן מאַיס, איך וואָלטן זיי געריסן, געפּליקט...

פּערסאָנאַל — (איינער צום אנדערן שטורקעט זיך אין די זייטן) טשע! טשע! מאַיס רייסן, קוקורוזן פּליקן! הײדא אין פעלד אריין! פּאַרמוזשיקעווען זיך!...

דראמאטורג — וואָס האָט איר זיך צעקאָכט, חברה, זשוליקעס? מאַיס רייסן אין פעלד איז אפשר בעסער ווי ארבעטן אין בליי אין רעדאַקציע, טענטלען מיט דער פּען, און טאַנצן אויף די ברעטער אין טעאַטער.

1־טער שרייבער — מ'דאַרף אַ טראַכט געבן צו דעם, חברה, טאַקע וואָס האָבן מיר פון דעם שרייבן? וועמעס זיינען מיר און ווער זיי־נען מיר? ווער דאַרף אונז און וואָס פאַר א נוצן ברענגען מיר אויף דער וועלט?

2־טער שרייבער — אָט האָסטו דיר! א באָלשעוויק, ער פרעגט שוין ווי דער רעצענזענט, א פראַגע וואָס פאַר א נוצן? וואָס הייסט? מיר געבן אוועק אונזער מאַרך פאַר, פאַר...

1־טער שרייבער — פאַר וועמען? פאַר די אַרענדאַטאָרס?

2־טער שרייבער — געוויס פאַר זיי! פאַר זיי, די בעסטע טאַ־לענטן אונזערע, די אַלטע ווי די יונגע אַרבעטן ביי זיי אויף טאַנ־דייט, אויף זאַקאַז...

1־טער שרייבער — אויף זאַקאַז, אויף זאַקאַז! נו, וואָס דען וואָלסטו געוואָלט, בערל? ארבעטן לשם מצוה, לשם וואָס? לשם לי־טעראַטור? האָסט דאָך געהערט וואָס יואל דער רעצענזענט זאָגט, וואָס און ווען ס'איז ליטעראַטור.

דראמאטורג — איז דאך דער איד נערעכט, אין פעלד אריין גייט, חברה! ווערט פראדוקטיוו, וועט איר פרעסן, ארבעטן צו נוץ און פרעסן צו זאט.

קאלאניסט — (נעמט ארום מיט ביידע הענט דעם דראמאטורג) אזוי האב איך דיך ליב, רבי! רבי! קום, קום צו אונז אין פעלד אריין. איכל דעם שוואגער מיינעם דעם חזן אויכעט א היים נעמען. אוואו איז ערגעץ דער פארך? איך זע אים גאר ניט, אין פעלח אריין קומט! איך בין אומישנע געקומען נאך אים, נאך דעם שוואגער. די שווע־גערן האט מיר געשריבן גאר נישט שיין פון אים... גאר ניט שיין... (דרייט מיטן קאפ) איך קען אייך אלע, פוסטעפאסניקעס, נעמען אין פעלד. (פון סאלאן הערט זיך שרייען: דראמאטורג! דראמאטורג!)

קעלנער — מ׳בעט אייך אין סאלאן אהין אויף א רגע, הער דרא־מאטורג, די פרימאדאנא פרעגט אויף אייך.

דראמאטורג — איך קום באלד צוריק, רבי אפרויקע, די ארטיסטן דארטן רופן מיך אויף א רגע. חברה, האלט אונטער אביסל דעם אידן, ס׳איז דא מיט וועמען צו רעדן. (לויפט אוועק אין סאלאן).

ארבעטער — (גיט אים א גלאז) לחיים, רבי אפרויקע! טרינקט א קאניאק! מירן זיך בארעכענען, אפשר וועלן מיר מיט אייך גיין אין פעלד אריין.

אלע — (טרינקען, קלאפן זיך אין די פלייצעס, קושן זיך אין די פוסקלעך). ע. ברידער, אין פעלד אריין, אין גרינעם פעלד.

קאלאניסט — איר וועט ניט קיין חרטה האבן. איר׳ט ווערן רויט, ווי די בוריקעס, איר זיינט דאך אויסגעדארט, אויסגעקוואראט, איר וועט פרעסן ווארעניקעס, קנישעס מיט קעז, איי, קנישעס! מיין מאלציעס קנישעס! (ער לעקט מיט דער צונג). איר׳ט פארן אויפן פערד, אירט טאקע א מאל שפילן טריאטער אויך (טרינקט א גלייזל, ווערט שיכורלעך, זינגט) „יעלה תחנונינו מערב מ ע ר ר ר ר ב...

ארבעטער — אינטערעסאנט, קינדער, אפשר טאקע יא? וואס ליגן מיר דא? (צום קאלאניסט) קען מען שפילן טריאטער ביי אייך אין פעלד?

קאלאניסט — (שמייכלט שיכורלעך) אין פעלד, אין פעלד, נאריש אינגל. (ער נעמט אים ארום, קושט אים) נאריש אינגל! אין פעלד שפילט מען ניט טריאטער, אין גאלפאן שפילט מען טריאטער, אין גרויסן קאמער. מען נעמט ארויס די תבואות, מען שטעלט אריין

ברעטער, מ׳הענגט אויף א לײלעך, און פרענט דעם רבין אונזערן, אייער דראמאטורג כי, כי, כי! ווי רופט איר אים רררראמאטורג...
יעלה תחנונינו מערב...

ארבעטער — איז דא מיידלעך. אינגלעך אין קאלאניע וואס קענען שפילן א פיעסע?

קאלאניסט — מיידלעך זאגסטו? אוי, אוי,! דערמאן מיך ניט אין דעם, מיין אומגליק! (מאכט א גרימאסע אויף צו וויינען, גיט א ווארף די ליולקע אויפן פאל, שפארט אן דעם קאפ אויפן טיש).

אויפטריט דירעקטאר, הויזטע, עמ־פרעסאר, פרעזידענט פון פאריין דער רעדאקטאר און א פאר נראבע הערן.

אלע — (געפוצט אין עסיק און האניק מיט בריליאנטן אין די קראוואטן).

דירעקטאר — א, די חברה, זיי זיינען די ערשטע אויף א לונטש, שוין היבש ארייננעשליאקעט? ע, מאסא! סיביראק! אוואו ווילן מיר זיך זעצן? דער סאלאן פארנומען?

סיביראק — (קומט זיי אקעגן) ביטע, ביטע מיינע הערן!

זעצער — (שיכורלעך) און מיט אונז דא שטייט אייך ניט אן צו זיצן? איר מיינט, איך קען אייך ניט? דאס איז הער יאקעלסאן, פרע־זידענט פון דער תלמוד תורה און פאבריקאנט פון ווייבערישע העמ־דער. דער הער שפריצער, פאבריקאנט פון בראנזענע בעטן, און הער (ווייזט אן אויפן עמפרעסאר) איז עמפרעסאר, ניין, ניין, ער איז פרעזידענט פון „עזרת נשים" א לא מאדערנע כי, כי, כי!

דירעקטאר — דו ביסט שוין שיכור, זעצער, איך וויל ניט ליידן קיין באליידיקונג. די הערן זייגען מיינע „אמיגאס", ליבהאבערס פון קולטור, איך האב זיי פארבעטן אויפן ליטעראריש אוונט. אום צו פארברענגען מיט די קינסטלער פון פען און בינע, איבל זאגן צאליקן, וועט ער זיך ארויספירן פון דאנען. ע, צאליק, וואו ביסטו?.

אויפטריט צאליק

צאליק — איך בין דא באלעבאס! איר זעט מיין דאשעק? צו אים רעדן! ס׳איז היינט אונזער אוונט. דער דראמאטורג זאגט, מען מעג אייך ארייננצימבלען...

אלע — (לאכן)...

פאבריקאנטן — (שאָקלען מיט די הענט, גייען אוועק אין סאַלאָן אהיין צו די ארטיסטן.)

דירעקטאָר — (קוקט זיך ארום) זע נאַר, וועמען זע איך? אפרויקע פונ'ם קאמפ? (הויבט אים אויף דעם קאָפּ) שלום עליכם, אפרויקע! ווי קומסטו אהער? זע נאַר, אויך שיכור? אפרויקע שיכור? וואָס, דו ווייִנסט נאַר? פרויקע, וואָס איז דאָ? וואָס קומט דאָ פּאָר?

קאָלאָניסט — (הויבט אויף דעם קאָפּ) ע, דו, יאנקל שיכור, דו געהאַלטן א קרעטשמע אין דער היים, איך שיכור, איך וויין, יעלה תחנונינו מערב! דיין חברה האָבן מיך אביסל אָנגעטרונקען... ע, ע, ע! יענקל שלאָגט, וואָרפט שיכורים.

דירעקטאָר — מיין חברה האט דיך אָנגעשיכורט? זיי מעגן זיין דיינע, איך בין זיי מוחל, אָבער זאָג מיר, ווי קומסטו אהער? וואָס האט דיך געבראכט ביינאכט צום סיביראק אין קאפע, ע, ע, ע! אפ־רויקע! (פּרייסלט מיט אים.)

קאָלאָניסט — (ווישט דאָס פּנים מיט ביידע הענט, קומט צו זיך, שפּיַיט אויס) פּע, א שיכור, פּע, פּע! וואָס האט מיך געבראכט? (צעעפנט די אויגן, קוקט און דערזעט די חזנטע) איז דאָס ניט מיין שווענערין? די חזנטע? אז ס'לייגט אויף זיך אָן מעל מיט קלייען, אז ס'איז אוממעגלעך צו דערקענען! (קוקט זיך איין אין איר.)

חזנטע — די שווענערין, די שווענערין, איך האָב געשיקט נאָך אייך צוליב מיין מאנדל, איך דאנק אייך זייער, וואָס איר זיינט געקומען. איצט איז שוין די זאך רעגולירט, מיר זיינען זיך שוין... (טראָגט צו דאָס טיכל צו די אויגן.)

קאָלאָניסט — וואָס שוין? און וואָס ווייִנסטו? זאָג, וואָס ביסטו אנטשוויגן געוואָרן? איבל אים צעפראסקען די מאָרדע, איך האָב שיפּסקארטן נאָך אייך געשיקט, איך האָב אויף אים א רעכט, ביים אָנקומען פון דיין ברויו האט מיין מאָלציע געוויינט... סטייטש רבי ברוך חזנס זון לויפט נאָך אקטריסעס, שיקסעס, עפּעס א שפּאניאָ־ליש שלעפעל, פּארזאָגט זי מיר, גיב אים דאָרט א פּאָר פּראסק, און נעם אים אהיים. זאָל ער דאווענען פאָרן עמוד אין קאָלאָניע, נאָמיך נאָך זוכה זיין צו הערן נאָך א מאָל מיין טאַטנס שמע קולינו...

חזנטע — אלצדינג אמת, איך האָב קיין ליגן ניט געשריבן, נאָך אלע אקטריצעס לויפט ער נאָך, אָבער ער קער זיך מיט מיר מער ניט אָן. (וויינט.)

קאַלאַניסט — (גיט זיך א כאַפּ) וואָס, זיך שוין געגנט, האָ? אמע־ריקע מיט אירע רבנים, גט־פאבריקאנטן!

פּרעזידענט — לאָזט צורו רבי אפּרויקע מיטן גטן זיך, דאָס איז אַלט, אַלטער שימל.

דירעקטאָר — נאָ, געווים, אזעלכע קידושין, אזעלכע גטן, וואָס פאַרשטייסטו נית, מוזשיק, אַלטער מוזשיק?

קאַלאַניסט — הום, הום! אַלט, אַלט. (טאַפּט די באָרד) אַלטער שימל, אַלטער מוזשיק, וואָס די פאַרשאַלטענע שטאָט איז? (טופּעט מיט די פיס) ע, ע, ע! אראָפּ פונ׳ם וועג, נית קיין קידושין, נית קיין גטן... אזוי גאָר? הייסט עס, וואָס זשע? הפקר מאַן, הפקר ווייב... (כאַפּט זיך ביים קאָפּ). דעם חזנס זון, איי, איי, איי! ברוך דעם חזנס זון!

דירעקטאָר — נעם דיר נית צום האַרץ, מיין פּאַיסאַנאָ אפּרויקע, דו וועסט די וועלט נית איבערמאַכן, נאַ, נעם טרינק! טרינק מיט מיר לחיים, אויף דער נייער וועלט, נייער קולטור, פּראָגרעס, אמיגאָ! (ער שטופּט אים אריין דאָס גלעזל, זיי טרינקען).

פּרעזידענט — געווים, קולטור, פּראָגרעס! (דרייט דעם באַנד אויף זיך).

קאַלאַניסט — אָבער זאָג זשע מיר, חזנטע, וואָס זשע וויינסטו איצטער? אז ער קערט זיך מיט דער מער נית אָן, דער יונגאַטש, איז וואָס?

חזנטע — (מיטן טיכל ביי די אויגן) כ׳האָב אים ליב...

קאַלאַניסט — אזא יאָר אויף אייך, מיט אייער מאָדערנער פּי־רעכץ. האָט זי אים ליב, האָט זי אים פיינט, אָט לויפט ער מיט איר, און אָט הענגט ער זיך אויף א שיקסע, טפוי זאָל עס ווערן. (סהערט זיך שפּילן אַ גיטאַרע, די ארבעטער אַלע שטעלן זיך אויף די פיס).

צאַליק — דער עמפּרעסאַר בעט ס׳זאָל זיין שטיל, די פּרימאַדאָנאַ וועט שפּילן א שפּאַנישע סערענאַטע. (ס׳ווערט שטיל).

פּרימאַדאָנאַ — (שפּילט אויף דער גיטאַרע און זינגט די סערענאַטע).

אַרטיסט — דאָס איז געווען לכבוד דעם ליטעראַרישן אָוונט.

זעצער — לכבוד דעם עמפּרעסאַר, זאָג! אויך ארענדאַטאָר, און שיכורים אינגלעך, מיידלעך, ווייבלעך.

רעדאַקטאָר — (מיטן צילינדער און פראַק נעמט ארום דעם זעצער) האָסט א באַאָבאַכטונגס־קראַפט און א פילנדיק האַרץ, מיין טייערער

זעצער! גיי ארויף אויף דער בינע און זאג א פאר ווערטער, ווארעמע ווערטער.

ז ע צ ע ר — ווערטער זאגן? דאס איז ניט מיין פאך. איך זעץ ווערטער, וואס טשופרינעס, די קינסטלער, פארטראכטן און ברענגען אין רעדאקציע אריין.

ד י ר ע ק ט א ר — זיי טראכטן שוין, איינמאל, מיינע ליטעראטלעך, ווען די דירעקציע זאל זיך אויף זיי פארלאזן!...

ר ע ד א ק ט א ר — זייט מוחל, פאניע דירעקטאר, אין קונסט איז גאר קיין טראכטן ניט פאראן. קונסט האט ניט קיין מחשבה, האט ניט קיין זין, האט ניט קיין אינהאלט, ווייס ניט קיין פארם, קיין תוך, קונסט, אמתע קונסט, איז אינגאנצן זינלאז און אפשר טאקע נוצלאז, א שיין פויגל־געזאנג, וואס טראגט זיך פון וואלד. (אלע שרייבער געבן אים א שטעל ארום).

1 - ט ע ר ש ר י י ב ע ר — (גלעט ארויף די טשופרינע מיט ביידע הענט) א פאר איבעריקע גלעזלעך אריינגעזופט, אונזער רעדאקטאר. קונסט איז זינלאז, נוצלאז, וואס זשע האבן מיר שרייבער, ליטעראטן צו טון אויף דער וועלט?

ק א ל א נ י ס ט — מ'דארף אייך טאקע ניט. וואס גיט איר אונז מיט אייער טענטלען? אונזער רבי פון קאלאניע זאגט, אז אליין האט איר גאר ניט, איר פליקט נאר אוים שיינע פעדערן פון אמאליקע גרויסע פויגל. קומט בעסער אין פעלד אריין מאים רייסן, לערנט אייך ערד־ארבעט, א נוצלעכע זאך.

2 - ט ע ר ש ר י י ב ע ר — ע, ליטעראטן, דראמאטורגן! זעק פאר מאים פליקן גרייט און! ווארפט אוועק די פען, מ'דארף אונז ניט, זאגט דער מוזשיק. וואס זאגט איר אויף אים?

ר ע ד א ק ט א ר — זייט ניט ברוגז, חברים, און מאכט ניט קיין חוזק פון דעם מוזשיק, דער דארפס־איד, ער רעדט וואס ער פילט, ער קען עס אבער ניט ארויסברענגען, ארויסרעדן ווי מ'דארף. ער וויל איט־לעכער זאל זיין נוצלעך, עפעס געבן דער מענטשהייט, אזוי ווי ער, דער פעלד־ארבעטער, גיט ברויט, אזוי זאל דער שרייבער, דער דראמאטורג געבן נוצלעכע ארבעטן, שרייבן זאכן פון תוך, פון אידעען, לערנען מיט דעם צו פארבעסערן, פארגרינגערן, פארשענערן דאס לעבן. אבער צו דעם מין שרייבן, חברים, פאדערט זיך ע, ע, ע! לער־נען, בילדונג...מ'דארף א סך האבן געלערנט, אום צו קענען לערנען

יענעם. מיט בלויז געבוירענעם טאלאנט, וואס איז אפשר א ירושה־אייננטום פון עפס אן אמאליקן זיידן, קען מען קיין שטול ניט פאר־נעמען אין שיינעם פאלאץ פון דער ליטעראטור.

ד י ר ע ק ט א ר — ע, ע, ע! אונזער לבנה־קאפ האט זיך שוין צעפי־לאזאפירט, בילדונג וויל ער ביי היינטיקע שרייבער, ע, ע, ע! נאך זיין רעכנונג דארף איך אלע מיינע ליטעראטלעך שיקן אין פעלד ברעכן מאיס. וואס זשע וועט זיין מיט דער רעדאקציע?

ק א ל א נ י ס ט — (שאקלט מיטן קאפ) יא, יא, איך נעם זיי אלע צו פון דיר.

ד י ר ע ק ט א ר — (צום רעדאקטאר) נאט, געלערנטע לבנה, טרינקט א גלעזל און הערט אויף צו פילאזאפירן, און דו, לאהלע וועסט אונז זינגען עפעס א שיין ליד.

א ל ע — (שרייען) די חזנטע אויף דער בינע! זאל זי זינגען!

ח ז נ ט ע — (גייט ארויף אויף דער בינע).

א ל ע — (אפלאדירן).

ר ע צ ע נ ז ע נ ט — (לויפט אן פון סאלאן) ווארט, ווארט, חברה מיטן זינגען, איך בין דער טאסט־מייסטער פונ׳ם לונטש. אויף דער בינע דארף מען פריער ריידן. מעלדעט זיך, וועת ס׳האט עפעס צו זאגן.

(קלינגט מיטן גלעקל).

גראבער פאבריקאנט — פירא לא פאלאברא.( גייט ארויף אויף דער בינע נעבן דער חזנטע, פארקאטשעט די ארבל, שטעלט ארויס די פינגער מיט די פינגערלעך, סטארטשעט ארויס דעם בויך, דובעט אפ א פאר מאל: אופף) הערן ליטעראטן! ס׳איז ביי אונז יום טוב, א יום טוב פון דער קולטור, פון דער ליטעראטות, ווען אפילו אייניקע פון אונז ארבעטן ניט דירעקט פאר דער ליטעראטור, ווייל די צייט, די גרויסע נעשעפטן, די פאבריקן לאזן זיי ניט האלטן די פען אין האנט, ארבעטן מיר אבער פאר דער קולטור, פאר דער רערציאונג פון די קינ־דער, מיר שטיצן מיט גרויסע סומעס געלט די שיינע קולטורעלע „פאלקס־צייטונג", מאכן אין איר אלע אונזערע אנאנסן און פראפ־פאנאנדע וועגן אונזערע וואוילטעטיקע אנשטאלטן. ווייל מיר אלע ליבן און אכטן די קולטור. איך פון מיין זייט, כאטש קיין פראפעסיאנעלער שרייבער בין איך ניט, אבער א שרייבער בין איך דאך! מיין ארטיקל אין דער צייטונג פונ׳ם 27־טן אויגוסט פאריקעס יאר, האב איך אליין אנגעשריבן.

זעצער — דאָך זאָל אזוי לעבן!

גראָבער פאַבריקאַנט — עס האָט געמאכט א נעוואַל־דיקן רושם אין אונזער ליטעראַרישער וועלט. דער ערלעכער קריטי־קער פון אונזער „פאָלקס־צייטונג", אָט לאָז ער זאָגן (ווייזט אויפן רעצענזענט) האָט דאָן געשריבן: ווי די טרוקענע גראָזן שלינגען דעם טוי פון דער נאַכט, אזוי האָט דאָס פובליקום געשלונגען, אופף, אופף! (ער דעכעט אָפּ, ווישט דעם שווייס און בלאָזט) אופף!

אלע — (שיסן אויס אַ געלעכטער מיט אפּלויזן).

גראָבער פאַבריקאַנט — (ווישט דעם קאָפּ, מיט א פּעמן שמייכל ווייזט די פינגער מיט די בריליאַנטן און רעדט ווייטער). די גאַנצע ליטעראַטור איז ביי מיר אויף דער האַנט, איך האָב געלערנט כמעט גאַנץ שלום עליכם אויף אויסנווייניק... מאָטל פייסי דעם חזנס קען איך ווי מיינע צען פינגער (ווייזט די פינגער) פון טוביה דעם מילכיקן איז אָפּגערעדט. איך בין אליין א בויבעריקער...

אלע — (שיסן אויס אין אַ געלעכטער) א בויבעריקער, א בויבעריקער! (אַפּלאָדירן מיט די הענט און פיס).

גראָבער פאַבריקאַנט — ליטעראַטן און קולטור־טרעגער, ליבהאָבער פון קונסט און טעאַטער. אלס שרייבער וויל איך פאַרנעבן, אז די פּרימאַדאָנאַ מיט דער חזנטע, און הינטער זיי דער חזן מיטן אַרטיסט, זאָלן אַרויפגיין אויף דער בינע און זינגען איינס פון זייערע בעסטע וואָס זיי פּאַרמאָגן.

אלע — בראַוואָ! בראַוואָ!

פּרעזידענט —

עמפרעסאַר —

(פירן ארויף די אַרטיסטן, די פּרימאַדאָנאַ געקליידעט אַלס ציגיינערן).

פּרימאַדאָנאַ — (שמייכלענדיק) וואָס ווילט איר אידיש צי?....

אלע — אידיש! אידיש! א ליד צום לויב פון דער בינע, פון דער קונסט.

פּרימאַדאָנאַ — (זינגט)

אין פעלד מיט בלומען בין איך נעבוירן,
צווישן רויזן און בשמים בין איך דערצויגן.
פּוטער און מילך, ברויט און פרוכט,
פלוימען, פיינן, האָניק און דופט.
א רואיקע שטוב מיט עלטערן ליבע,
ברידערלעך, שוועסטערלעך אין שטילער סביבה.

מיט שכנהשע איננלעך אויף פערד געיאָגט,
אין פעלד מיט זיי געאַרבעט בייטאָג.
היימיש טעאַטער אויף די ווינטער־נעכט פאַרטראַכט,
ספּעקטאַקלען געשפּילט, אַפּלאָדירט געוואָרן א פּראַכט,
רום און שטאָלץ דאָס מיידלשע האַרץ פאַרכאַפּט,
אָוועקגעגנבט די עלטערן און אוועק אין דער ווייט,
דורכגעמאַכט ימים, מדינות, טעאַטערן אַלערליי,
מענערזשערס, עקספּלאָטאַטאָרס, רעצענזענטן דערביי,
רייכע הולטייעס, אוי! הינטער די קוליסן געקומען,
ווי ליבע אַרום האָניק מיט ליבע זיי זשומען.
טאַלאַנט און קונסט מיט שאַמפּאַניער פאַרטרונקען
אַט, אַט שיעור געפאַלן, געזונקען,
ווען ניט מיין מאַמעניום געשטאַלט געזען אויף דער וואָר,
איר הערלעכע צורה מיך אָפּגעהיט ביז גאָר...
דער שטאָלץ פון מיין טאַטן זידט אין מיין בלוט
אוועקט פון מיר, רשעים!
איך גיי אין פעלד אריין צוריק!

ק אָ ל אָ נ י ס ט — (שטופּט זיך פאַר דער בינע, ציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, ווישט די אויגן און קוקט אויף דעם מיידל, גיט אַ געשריי:) גאָט, גאָט! ווער איז זי? אידן, געוואַלד, איך ווער משוגע, ווער ביסטו, ציגיינערן, וואָרף אַראָפּ, מיידל, דעם ציגיינער. (ער שטרעקט אויס די הענט) ביסטו ניט מיין פערעלע? גוואַלד, מיין פערעלע.

א ר ט י ס ט — זואָס פאַר א פערעלע? ס'איז לאָלא, די פּרימאַדאָנא, מיין לאָלא!

פּ ר י מ אָ ד אָ נ אַ — (קוקט אויפן אידן, כאַפּט זיך ביים האַרץ, הויבט אָן רייסן פאַסן פונ'ם קלייד און וואַרפט הינטער זיך, גיט אַ געשריי:) טאַטע! טאַטע! (שפּרינגט אַראָפּ און פאַלט אים אויפן האַלז).

פ אָ ר ה א נ ג

ע נ ד ע

דרוקעריי „קולטור", סאַרמיענטאָ 2157 — ב. איירעס

Librería
y Casa Editora
G. KAPLANSKY
Corrientes 2614
Bs. Aires

---

# DI ARENDATORS FUN CULTUR

Comedia en 3 actos

— de —

M. ALPERSON

Buenos Aires 1933

---

Talleres Gráficos "Cultura" — Sarmiento 2157, Buenos Aires.